מ. בעלענקי

# אקאָסטע — שפּינאָזע — מײַמאָן



אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס״
מאָסקווע 1941

# אינהאלט



---


М. Беленький. АКОСТА, СПИНОЗА, МАЙМОН
На еврейском языке
Редактор *Н. Левин.*

Подписано к печати 17/V-1941 г. А-38091. Тираж 3500 экз. $3^1/_8$ печ. л. 65,2 тыс. тип. зн. в 1 печ. л. 5 уч.-изд. л. Заказ 238
Цена 1 руб. 30 коп.

17-я ф-ка нац. книги Огиза РСФСР треста „Полиграфкнига“, Москва, Шлюзовая наб., 10.

# פאָרוואָרט

די פארהעלטעניסמעסיק קורצע אָפּהאנדלונגען וועגן די דרײַ פילאָסאָפן — אוריִעל אקאָסטע, באָרוך שפינאָזע און שלוימע מײַמאָן שעפן, פארשטייט זיך, ניט אויס די רײַכקײַט פון זייער לעבן און זייערע פילאָסאָפישע אָנשויונגען. זיי באלײַכטן נאָר די וויכטיקסטע עטאפן פון זייער לעבן, די צענטראלע פראָבלעמען פון זייער וועלט-באנעם אין פארבינדונג מיט דער צײַט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. דערבײַ האָט אונדז פאר א ריכט-ליניִע געדינט לענינס באוווּסטע אָנווײַזונג, אז „די היסטאָרישע פארדינסטן ווערן געאורטיילט ניט לויט דעם, וואָס די היסטאָרישע טוער האָבן ניט געגעבן לעגאבע די הײַנצײַטיקע פאָדערונגען, נאָר לויט דעם, וואָס האָבן זיי געגעבן נײַעס לעגאבע זייערע פאָרגייער" (לענין, ב. II, ז. 51).

אקאָסטע איז איינער פון די ערשטע קריטיקער פון דער ביבל, ער געהערט צו די פריִיקע דענקער פון דער בורזשואזער טקופע, וועלכע האָבן זיך געצויגן צום מאטעריִאליזם.

שפינאָזע איז א געניִאלער דענקער — א ריז, וואָס האָט מעכטיק געשטויסן פאָרויס די מאטעריִאליסטישע לערע וועגן דער וועלט; ער איז איינער פון די טיפסטע און שארפסטע ביז-מארקסיסטישע מאטעריִאליסטן און אנטשיידענע אטעיִסטן.

מײַמאָן, — א לײַדנשאפטלעכער קעמפער פאר דער פרײַהײַט פון עם פארגונפט, האָט זיך אָבער ניט דערהויבן צו קיין פארגאנצטער וועלט-אָנשויונג און האָט זיך אין אייניקע פילאָסאָפישע פראָבלעמען אראָפגעגליטשט אפ די פאָזיציעס פון אידעאליזם.

די אַלע דרייַ זייַנענ אריבערגעוואקסנ די ראמענ פונ זייער עפאָכע אונ האָבנ, — כאָטש אינ פארשיידענע מאסשטאבנ אונ מיט א פארשיידענעמ צוגאנג, — געשטויסנ פאָרויס דעמ פילאָסאָפישנ געדאנק אונ זייַנענ געשטאנענ אפנ ריכטיקנ וועג צו דערקלערנ וויסנשאפטלעכ דאָס וועזנ פונ דער וועלט-אנטוויקלונג אונ דער וועלט-עקזיסטענצ; יעדערער פונ זיי האָט אפ זייַנ אויפנ געשטורעמט די „הייליקע" זייַלנ פונ דער רעליגיע אונ דורכגעשלאָגנ דעמ וועג פאר דער וויסנשאפט אונ דערקענונג.

די יידישע בורזשואז-פילאָסאָפישע ליטעראטור האָט געפרווט דערקלערנ די דרייַ פילאָסאָפנ, ביפראט שפינאָזענ, פונ רעאקציאָנער-אידעאליסטישע פאָזיציעס. די יידישע מאסנ פונ די איצט באפרייַטע, נייַע סאָוועטישע געביטנ אונ לענדער זייַנענ נאָכ ביז גאָר ניט לאנג אויכ אפנ פילאָסאָפישנ געביט פארפירט געוואָרנ פונ דעמ יודאיסטיש-באטלאָנישנ בוכ אונ פונ דער געלער פרעסע.

דער דאָזיקער בוכ גיט אקאָסטעס, שפינאָזעס אונ מייַמאָנס פילאָסאָפישע אָנשויונגענ, ארויסגייענדיק בלויז פונ דעמ, וואָס זיי אליינ האָבנ געלערנט, אונ די דערקלערונג פונ זייערע אָנשויונגענ ווערט געפירט פונ מארקסיסטישע פאָזיציעס. — נאָר דער מארקסיסטישער מעטאָד גיט די מעגלעכקייַט אויפצודעקנ דעמ עמעסנ אינהאלט פונ די וועלט-אָנשויונגענ, וואָס פארשיידענע דענקער האָבנ אינ זייער צייַט געשאפנ, נאָר ער גיט די מעגלעכקייַט ריכטיק צו פארשטיינ דאָס ווירקלעכע אָרט פונ פארשיידענע דענקער אינ דער געשיכטע פונעמ מענטשלעכנ געדאנק.

---

# אוריעל אקאָסטע

אקאָסטעס וועלט-אָנשויונג האָט זיך אויסגעקריסטאליזירט אין האָלאנד, וואָס האָט אין XVII יה. מיט זיך פאָרגעשטעלט א פאָרגעשריטנ קאפיטאליסטיש לאנד. ער האָט געלעבט און געשאפנ אין א צייט, ווענ די פעאָדאלע וועלט האָט געהאלטנ בא אונטערגיינ און אָנשטאָט איר זיינענ אופגעקומענ נייע בורזשואזע פארהעלטענישנ.

אטאקירנדיק די אלטע פעאָדאלע וועלט און אירע אָפגעלעבטע אידעאָלאָגישע פאָרמענ, האָט די יונגע בורזשואזיע פריער פאר אלצ זיך צוזאמענגעשטויסנ מיט דער רעליגיע אלס דער אָפיציעלער אידעאָלאָגיע פונעם פעאָדאליזמ און האָט, לויט מארקס' אויסדרוק, ארויסגעשטעלט די פאָדערונג צו באקעמפנ „דעמ הייליקנ צאפל פונ רעליגיעזער היסלייוועס".

אוריעל אקאָסטע האָט דערפילט דעמ פרישנ אָטעמ פונ דער נייער צייט, און ער האָט זיך ליידנשאפטלעך אָפגערופנ אפ דעמ אידעאָלאָגישנ קאמפ, וואָס די ראדיקאלע און רעוואָליוציאָנערע בורזשואזיע האָט געפירט קעגנ די פינצטערע נעסטנ פונ רעליגיעז-מיסטישע געדאנקענ. אקאָסטע — אנ אויסערגעוויינלעך שיינע פערזענלעכקייט, א ברויזנדיקער רעוואָליוציאָנערער טעמפעראמענט — איז צוליב זיינ קאָמפליצירטנ, טרויעריקנ לעבנס-וועג געשטאנענ אינ דעמ דאָזיקנ קאמפ קעגנ די הייליקסטע זיילנ פונעמ מיטלאלטער אלס העראָישער יאָכיד, ניט האָבנדיק קיינ אומיטלבארע פארבינדונגענ מיט די גרעסטע דענקער פונ זיינ צייט. זיינ בונטארישע נאטור, א פארשמידטע אינ די אכזערישע קייטנ פונ דער קעהילע, האָט זיך איינזאמ געשלאָגנ מיט דער מיטלאלטערלעכער פארדומפענער רעליגיעזער פעסטונג.

די צעווילדעוועטע באַשיצער פונעם מיטלאַלטערלעך-רעליגיעזן ביניען האָבן מיט גוואַלדיקער גרויזאַמקייט זיך אַרופגעוואָרפן אַף דעם איינזאַמען פרײַדענקער און דערפירט אים צו אַ טראַגישער קאַטאַסטראָפע.

אַקאָסטעס טראַגיש לעבן און שאַפן האָט צו זיך צוגעצויגן די אופמערקזאַמקייט אין פאַרלויף פון דורות, ווײַל זײַן באַלערנדיקער לעבנס-בײַשפּיל האָט צוגעגעבן און גיט צו מוט יעדערן, וועלכער קעמפט אַנטשיידן קעגן רעליגיעזער פאַרשקלאַפונג, קעגן ווילדקייט און רעאַקציע, פאַרן טריומף פונעם פרײַען פאַרנונפט.

דאָס יאָר פון אַקאָסטעס געבוירן איז פּינקטלעך ניט באַוווּסט. ער איז געבוירן געוואָרן צווישן די יאָרן 1585 און 1590, אין פּאָרטוגאַל, אין דער שטאָט אָפּאָרטאָ. ווי אַקאָסטע דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע, איז ער געווען אַ קינד מיט זייער אַ רײַכער נעשאָמע. ער האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן קיין שום אַוולעס און פלעגט זיך שטענדיק שטעלן אַף דער זײַט פון דעם באַליידיקטן. „איך פלעג זיך באַמיִען, שרײַבט ער, שטעלן אַף דער זײַט פון די שוואַכע און פלעג גערן ווערן זייער פאַרבינדעטער". דעם דאָזיקן כאַראַקטער-שטריך האָט אוריִעל פאַרהיט ביז זײַן לעצטן אָטעם.

אַקאָסטעס פאָטער שטאַמט פון די מאַראַנען [1] און איז געווען אַ רײַכער אַדלמאַן. „מײַנע עלטערן, שרײַבט אַקאָסטע, האָבן געהערט צום אַדל-שטאַם. זיי קומען אַרויס פון ייִדן, וועלכע האָבן אַמאָל געמוזט מיט גוואַלד אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן... מײַן פאָטער איז געווען אַ גלויביקער קריסט, אַ מענטש פון שטרענגער ערלעכקייט, וועלכער האָט הויך געשעצט ערע און ווירדע". בענטאָ אַקאָסטע — אוריִעלס פאָטער — האָט געגעבן זײַן זון אַ שטרענג-רעליגיעזע דערציִונג. אַ קורצע צײַט האָט זיך אוריִעל געלערנט אין קאָמבריִער אוניווערסיטעט, וועלכן ער האָט געמוזט פאַרלאָזן צוליב דער טשומאַ-עפּידעמיע, וואָס איז אויסגעבראָכן אַפן פּירענעיִשן האַלב-אינדזל, און ער קערט זיך אום צוריק קיין אָפּאָרטאָ, צו די עלטערן. דאָס איז געווען אַן ערעך אין 1601 יאָר.

1 ייִדן, וואָס האָבן אויס צוואַנג פאָרמעל אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן אין די צײַטן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

שוין צו יענער צײַט פֿײַניקן אוריעלן גאָטלעסטערישע געדאנקען. ער צווייפֿלט אינעם „עמעס" פֿון די גײַסטלעכע ספֿאָרים. „צוליב דער רעליגיע — דערציילט אקאָסטע אין זײַן אווטאָביאָגראפֿיע — האָב איך אין מײַן לעבן געהאט אומגעהייער פֿיל אויסצושטיין. לויטן מינהעג פֿון יענעם לאנד (געמיינט פּאָרטוגאל. — מ. ב.) בין איך געווען דערצויגן אין דער פּויפּסטלעכ-קריסטלעכער רעליגיע... איך האָב פֿלײַסיק געלייענט דאָס עוואנגעליום און אנדערע גײַסטלעכע ביכער... נאָר וואָס מער אייפֿעריק איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט זיי, אלץ גרעסערע שוועריקײַטן זײַנען פֿאר מיר אופֿגעקומען. צולעצט בין איך ארײַנגעפֿאלן אין א מוירעדיקן פּלאָנטער, אין שרעק און פֿארשווערונג. בענקשאפֿט און טרויער האָבן מיך געצערט".

אין 1604 יאָר קערט זיך אוריעל אום אין קאָמברי, און אין 1608 יאָר פֿארענדיקט ער דעם אוניווערסיטעט.

אינגיכן שטארבט אוועק זײַן פֿאָטער, און אוריעל, אלס עלטסטער זון, ווערט דער אָנשפּאר פֿון דער גאנצער פֿאמיליע. אין אָפּאָרטאָ פֿאר־נעמט ער אן אמט פֿון א ווירטשאפֿטס-מאזשגיעך אין אן אָרטיקער קיר־כע. אָבער זײַנע ספּייקעס ווערן אלץ אויסגעשפּראָכענער און שטארקער. וואָס מער גײַסטלעכע ביכער אקאָסטע שטודירט, אלץ קלאָרער זעט ער איין זייער פֿאלשקײַט. זײַן שײַכעס צום קולט האָט אים דאפֿקע נאָך מער דערווײַטערט פֿון אים. די פּעדאנטיש-אויסגעהוילענע אָפּריכטונג פֿונעם רעליגיעז-קאטוילישן קולט, דער ברייט-פֿארצווײַגטער אינדולגענ־ציע-געשעפֿט, דער נארישער גלויבן, אז מיטן פֿינקטלעכן אויספֿילן די יעזויטישע קלאָלים ראטעוועט מען די זינדיקע נעשאָמע און מע גרייט פֿאר איר צו א בעקאָוועדיק אָרט אפֿ יענער וועלט, קורץ — דער גאנצער סכום קאטוילישע דאָגמאטן האָבן ניט באפֿרידיקט דעם יונגן אקאָסטען.

ניט געפֿינענדיק קיין בארויקונג אין דער פּויפּסטלעכער רעליגיע און „ווײַסנדיק וועגן דער גרויסער קריג צווישן די קריסטן און יידן", האָט אקאָסטע, ווי ער דערציילט, „גענומען דורכבלעטערן מוישעס ביכער און די נעוויִים". אינעם כומעש האָט ער דאן, ווי ס'האָט זיך אים געדוכט, געפֿונען א שטיקל טרייסט. לאָגיש האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז דער

טאנאַך איז געראַכטעט פונעם עוואַנגעליום: אין דעם טאנאַך האָבן געגלייבט אי די ייִדן אי די קריסטן, אינעם עוואַנגעליום — בלויז די קריסטן. אוריִעל גיט אָפּ די בכוירע דעם טאנאַך, און ער באַשטימט אָנעמען די ייִדישע רעליגיע.

פון אַ קריסט צוריק צו דער רעליגיע פון זײַנע אָוועס — אָט דאָס איז דער ערשטער שריט, וואָס אַקאָסטע מאַכט אויף זײַן שווערן וועג צו באַפרײַען זיך פון רעליגיע ביכלאַל. אוריִעל באַווירקט זײַן גאַנצע פאַמיליע, און אַלע פון דער פאַמיליע באַשטימען טאָן דאָס אייגענע, וואָס דער עלטערער זון און ברודער. אָבער אין פּאָרטוגאַל, ווו די פרײַהייט פון גלויבן איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, איז פאַרווירקלעכן אוריִעלס באַשלוס געווען לעבנס-געפערלעך. צוליב דעם האָט מען געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַקאָסטע זאָגט זיך אָפּ פון זײַן שטעלע אין דער קירכע, ער פאַרקויפט דעם פאָטערס הויז, דינגט געהיים אַ שיף, און צוזאַמען מיט זײַן מוטער, מיט דער שוועסטער און פיר ברידער אַנטלויפט ער קיין האָלאַנד. דאָס איז פאָרגעקומען אַן ערעך אין די יאָרן 1612—1616.

פאַרוואָס האָט אַקאָסטע געמוזט לויפן פון פּאָרטוגאַל? און פאַרוואָס דאַפקע קיין האָלאַנד? אויף די צוויי פראַגן איז וויכטיק צו ענטפערן, ווײַל זיי האָבן אַ דירעקטע שײַכות צו אַקאָסטעס אידייִשער אַנטוויקלונג. דעם ענטפער דאַרף מען זוכן אין דער דעמאָלטיקער געשיכטע פון די ייִדן אויפן פּירענעיִשן האַלב-אינדזל און אין האָלאַנד.

אויפן פּירענעיִשן האַלב-אינדזל האָבן ייִדן צו יענער צײַט שוין געלעבט העכער טויזנט יאָר. אין די צײַטן פון מיטלאַלטער האָבן זיי דאָרט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסע עקאָנאָמישע און קולטורעלע קראַפט. אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל איז דער האַנדל געווען קאָנצענטרירט קימאַט אויסשליסלעך אין ייִדישע הענט. אין די צײַטן פון דער אַראַבישער הערשאַפט, פאַרן איסלאַם [1], זײַנען די ייִדן אויפן פּירענעיִשן האַלב-אינדזל ניט געווען באַגרענעצט אין זייער עקאָנאָמי-

1 איסלאַם — די רעליגיע פון די אַראַבער.

שער און קולטורעלער אנטוויקלונג. טאקע אין דער דאָזיקער עפּאָכע איז צו זען אַ באַשטימטן אופּבלי פון דער ייִדישער קולטור. עס קומט אויף אַ פּלעיאַדע ייִדישע דיכטער, פילאָסאָפן, וויסנשאַפטלער אאַוו. גרינט־לעך ענדערט זיך די לאַגע פון די ייִדן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, ווען אין די דאָזיקע לענדער פאַרפעסטיקט זיך די מאַכט פון דער קאַטויליִ־שער קירכע. סאָף XIV יאָרהונדערט הייבן זיך אָן אין שפּאַניע גרויזאַמע בלוטיקע פּאָגראָמען. קלאָר, אַז אונטער דעם שלייער פון רעליגיעזן קאַמף זײַנען געווען אויסבאַהאַלטן באַשטימטע עקאָנאָמישע אינטערעסן. סעוויליע, וואַלענסיע, בורגאָס, באַרסעלאָנע, קורץ, — גאַנץ שפּאַניע איז געווען פאַרגאָסן מיט ייִדיש בלוט. ענלעכס קומט פאָר אין פּאָרטוגאַל, איינער פון די באַדײַטנדיקסטע ייִדישע קיבוצים אין אייראָפּע איז רויִ־נירט געוואָרן. דער פּראָצעס פון רויִנירונג האָט לאַנג געדויערט. אין 1492 יאָר זײַנען אין שפּאַניע און מיט פינף יאָר שפּעטער אין פּאָרטוגאַל ארויסגעגעבן געוואָרן קיניגלעכע געזעצן, וועלכע האָבן פאַרווערט די ייִדן אַף ווײַטער צו פאַרבלײַבן אַפן פּירענעיִשן האַלב־אינדזל. אייניקע היסטאָריקער ווײַזן אָן, אַז אין מעשעכ פונעם XV יאָרהונדערט זײַנען הונ־דערט טויזנט ייִדישע פאַמיליעס, אַן ערעך אַ מיליאָן נעפאַשעס, קעדיי צו ראַטעווען זיך פון פיזישן אומקום און רויִנירונג, געווען געצווונגען טויפן זיך. די דאָזיקע ייִדן האָט מען אָנגערופן נײַ־קריסטן אָדער מאַראַנען.

די מאַראַנען האָבן געהערט צו די רײַכסטע ייִדישע פאַמיליעס, וואָס האָבן באַזיצט קאָלאָסאַלע וועבער־וואַרשטאַטן אין סעוויליע, טאָלעדאָ, וואַלענסיע און טערועל, לעדער־פאַבריקן אין קאָרדאָווע. זיי האָט גע־הערט דער גרעסטער כיילעק פונעם האַנדלס־אומזאַץ פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. די מאַראַנען זײַנען דעריבער געווען די טרעגער פון נײַע בורזשואַזע פאַרהעלטענישן אַפן פּירענעיִשן האַלב־אינדזל. טאַקע דערפאַר האָט די קאַטוילישע קירכע, אַלס אידעאָלאָגישע קראַפט פונעם אַדלטום, געפירט אַ העצע קעגן די מאַראַנען, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. די קאַטוילישע קירכע האָט די נײַ־קריסטן ניט געהאַלטן פאַר קיין גלײַכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער געמיינדע. די מאַראַנען זײַנען געווען רעכטלאָז, אַף די שטײַערס פון

דער שפאַנישער אינקוויזיציע זײַנען טויזנטער מאַראַנען אומגעקומען, פונקט ווי ייִדן נישט קיין מאַראַנען.

די לאַגע פון די פּאָרטוגאַלישע מאַראַנען איז געווען אַ מער קאָמפּ־ליצירטע איידער פון די שפּאַנישע. אין 1507 יאָר האָט אַ קיניגלעכער באַפעל אין פּאָרטוגאַל אײַנגעשטעלט גלײַכבאַרעכטיקונג צווישן די „נײַ־קריסטן" און „אַלט־קריסטן". אין 1512 יאָר האָט אַן ענלעכער דעק־רעט באַפרײַט די מאַראַנען פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר זייער אָפּשטאַמונג. און באַגלײַכ דערמיט האָט די בולע פונעם פּויפּסט אײַנ־געפירט אין פּאָרטוגאַל די אינקוויזיציע קעגן די מאַראַנען. עמעס, אין 1533 יאָר, נאָך דעם, ווי דער „הייליקער" פּויפּסט האָט, מאַשמאָעס, באַ־קומען אַ רעכטע סומע פון די מאַראַנען, איז אַרויס אַ דערקלערונג, אַז פאַר די מאַראַנען איז די אינקוויזיציע ניט גילטיק. און דעם 23 מײַ 1536 יאָר האָט דער פּויפּסט פּאַוועל III אָפּסנײַ אופגעשטעלט די אינקווי־זיציע קעגן די מאַראַנען. די דאָזיקע קאַצנמויז־שפּיל דערקלערט זיך, ערשטנס, דערמיט, וואָס די מאַראַנען, ווי עס ווײַזט גאַנץ ריכטיק אָן דער היסטאָריקער גרעץ, „האָבן אין זייערע הענט קאָנצענטרירט דעם גרויס־האַנדל און דעם באַנק־געשעפט, האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע קונסט אין פּראָדוצירן געווער, האַרמאַטן און זײַנען, אָן צווייפל, געווען אין יענער צײַט דער סאַמע נוצלעכער קלאַס אין פּאָרטוגאַל". צווייטנס, דערמיט, וואָס די קיניגלעכע מאַכט און די קאַטוילישע קירכע האָבן אָפּ אַזאַ שאַנטאַזש־אויפן אַרויסגעצויגן גרויסע קאַפּיטאַלן בא די מאַראַ־נען. די מאַראַנען, פאַרשטייענדיק, אַז זיי ווערן באַטראַכט אַלס האָכ־נאָסע־קוואַל, האָבן זיך באַנוצט מיטן געזעץ פונעם יאָר 1507 און האָבן מענגעסווײַז גענומען אַרויסוואַנדערן פון פּאָרטוגאַל. דעם 13 יוני 1532 יאָר איז אָבער אַרויס אַ געזעץ, וועלכער האָט פאַרווערט די מאַראַנען אָן אַ ספּעציעלער קיניגלעכער דערלויבעניש פאַרלאָזן דאָס לאַנד...

אָט פאַרוואָס אַקאָסטע שרײַבט אין זײַן אווטאָביאָגראַפּיע, אַז „ניט אָן גרויסער סאַקאָנע זײַנען מיר אַרופגעטראָטן אפ דער שיף—די מאַמע און איך מיט מײַנע ברידער, ווען איך האָב אויס ברודער־ליבשאַפט פאַרטרויט מײַנע אָנשויונגען וועגן רעליגיע, וואָס פאַלן צונויף,

ווי מיר האָט זיך געדוכט, מיטן סייכל־האיאָשער... דאָס האָט מיר גע־קאָנט פאַרשאַפן פיל שלעכטס, ווייל אין דער דאָזיקער מעלוכע איז גע־ווען פאַרבאָטן צו ריידן וועגן ענלעכע זאכן. לעסאָף, פאַרענדיקט די שיף־רייזע, זיינען מיר אָנגעקומען קיין אמסטערדאם, וווּ מיר האָבן גע־טראָפן די ייִדן לעבן דאָרט פריי".

די איבערוואנדערונג פון די ייִדן קיין האָלאנד האָט אין XVII יאָרהונדערט אָנגענומען א מאסן־כאראקטער. די דעמלטיקע האָלענדישע הערשנדיקע קרייזן זיינען עקאָנאָמיש געווען פאַרינטערעסירט אינעם צופלוס פון קאפּיטאלן אין לאנד. האָלאנד איז א לאנגע צייט געווען א שפּאנישע קאָלאָניע. נאָך די לאנגדויערנדיקע מילכאָמעס מיט שפּאניע פאַר זעלבשטענדיקייט איז האָלאנד אין XVII יאָרהונדערט ארויס אפן ברייטן וועג פון בורזשואזער אנטוויקלונג. אין 1602 יאָר גרינדעט זיך די אָסט־אינדישע האנדלס־קאָמפּאניע, אין 1621 — די וועסט־אינדישע — צוויי אייגנארטיקע מיליטעריש־קאָלאָניאלע אָרגאניזאציעס. די מאראנען האָבן שטארק מיטגעהאָלפן דער אנטוויקלונג פון די בורזשואזע פאַר־העלטעונישן אין האָלאנד, זייערע קאפּיטאלן האָבן פאַרנומען א באדייטנ־דיק אָרט אין די צוויי נאָרוואָס דערמאָנטע האנדלס־קאָמפּאניעס. דער היסטאָריקער גרעץ באמערקט, אז „די קאפּיטאלן, וואָס די מאראנען האָבן ארייינגעפירט אין אמסטערדאם, זיינען גרייילעך געקומען צו דער צייט און זיינען שטארק נוצלעך געווען דעם גאנצן לאנד. האָלאנד האָט נאָך דערפאַר געקאָנט מאכן דעם אָנהייב פון איר דערהייבונג, ווייל זי האָט ארויסגעריסן דעם האנדל מיט אינדיע פון די פּאָרטוגאלישע הענט..."

די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון האָלאנד האָט געשאפן די פּאָרבאַ־דינגונגען פאַר א קאָלאָסאלן שוווּנג פון דער וויסנשאפט, קונסט און פילאָסאָפיע. און אקאָסטעס דראנג קיין אמסטערדאם פאלט, אזויארום, אויך צונויף מיט זיינע אידעאָלאָגישע זוכונגען.

אין אמסטערדאם נעמט אקאָסטע אָן די ייִדישע רעליגיע. ער האָט לעכאטכילע געמיינט, אז די ייִדישע רעליגיע איז ניט מער, ווי די גע־זעצן, וואָס זיינען פיקסירט אין כומעש. דעריבער, ווען ער באקאנט זיך נעענטער מיט דער ייִדישער אמסטערדאמער קעהילע, זעט ער איין, אז

זי טרעט אָפּ פונעמ געזעצ, אז זי פעלשט אינ דער טוירע. „מיט עטלעכע טעג שפּעטער, שרײַבט אקאָסטע, האָב איכ זיכ דערוווּסט, אז די זיטנ אונ טאקאָנעס פונ די ייִדנ אנטשפּרעכנ ניט מוישעס געזעצגעבונג“. אקאָסטע טרעט ארויס קעגנ דער אמסטערדאמער קעהילע פאר דער אומבארירלעכקײַט פונ מוישעס טוירע.

גאָר ניט לאנג זיכ „מעגײַער“ געווענ, דערלויבט זיכ אקאָסטע אופהייבנ א בונט קעגנ די, וואָס האָבנ אימ אדרײַנגענומענ אינ שויס פונ „עמעסנ גלויבנ“. דעמ אומרויִקנ, לײַדנשאפטלעכנ דענקער האָט זיכ, פונ דער הייכ פונ זײַנע אידייִשע זוכענישנ, אויסגעדוכט, אז ער גייט צו דער עמעסדיקער, נאטירלעכער רעליגיע. ער האָט אָבער גלײַכ דערזענ, אז געפונענ האָט ער ניט דאָס, וואָס ער האָט געזוכט. צוויִעס, פאלשקײַט, סכאָלאסטיק, אומזיניקע רעליגיעזע צערעמאָניעס, אָבסקוראנטיזמ אונ פינצטערניש — אָט דאָס איז געווענ די ווירקלעכקײַט פונ דער נײַגעפונענער רעליגיע. דערווײַל מיינט ער נאָכ, אז ס׳איז בלויז אנ אָרטיקע פארדאָרבנקײַט. אונ געפינענדיק זיכ אינ האמבורג צוליב געשעפט-איניאָנימ, פארפאסט ער א דאָקומענט קעגנ דער אמסטערדאמער קעהילע אונ אירע זיטנ, וועלכנ ער שיקט אָפּ קיינ ווענעציע, דער דאָרטיקער גרויסער ייִדישער קעהילע, בא וועלכער ער זוכט אנ ענטפער אפ זײַנע נײַע ספייקעס. דער דאָזיקער דאָקומענט איז צו אונדז ניט דערגאנגענ. לויט אימ וואָלט מענ געקאָנט אורטיילנ וועגנ אקאָסטעס ערשטע רעליגיִעז-בונטארישע געדאנקענ. יעדנפאלס, איז עס דערווײַל געווענ א קריג בלויז אינ די ראמענ פונ דער רעליגיע זעלבסט. צומ אָפּלייקענענ זי ביכלאל איז ער נאָכ ניט געקומענ.

פאר די קלייקוידעש איז עס אָבער געווענ גענוג, זיי זאָלנ אינ דעמ אײַנזענ עטוואָס אזוינס, וואָס רירט אָנ די זײַלנ פונ גאָטפאָרכטיקײַט. אקאָסטעס בריוו האָט אופגערודערט די ווענעציאנער קעהילע, אונ אינ 1618 יאָר שיקט זי צו קיינ אמסטערדאמ איר פאָדערונג — ארײַנלייגנ אקאָסטען אינ כיירעמ. אינ דער פאָדערונג פונ דער ווענעציאנער קעהילע ווערט גערעדט וועגנ דעמ, אז די, וועלכע טרעטנ ארויס קעגנ די כאכאָמימ, ברענגענ פיל שאָדנ דער רעליגיע אונ זיי פארניכטנ

דעם „איקער פון דער עמונע”... זיי טרעטן ארויס קעגן גאָט און קעגן די „הייליקע לערער” פון זײַן טוירע, און דעריבער דארף מען דעם ווידערשפעניקן ארײַנלייגן אין כיירעם.

באקומענדיק אזא דאָקומענט, האָט די אמסטערדאמער קעהילע, פארשטענדלעך, זיך צוגעאײַלט ארופצולייגן א האנט אפן געוואגטן אוריעלן. — „זיי האָבן פאר קיין פאל ניט געקאָנט פארלײַדן, דערציילט אוריעל אקאָסטע אין זײַן אווטאָביאָגראפיע, אז איך זאָל אָפּטרעטן פון זיי אפילע אין קלייניקײַטן, און האָבן געפאָדערט, אז איך זאָל אין אלץ אומבאדינגט פאָלגן נאָך זייערע טריט. נאָך מער, זיי האָבן מיר גע־דראָעט מיט אויסשליסן פון דער געמיינדע און ארײַנווארפן אין כיירעם. אָבער ניט איך, וואָס האָב פאר פרײַהײַט פארלאָזן מײַן היימלאנד און אנדערע פריווילעגיעס, בין דער, וואָס קאָן זיך — פאר שרעק — אָפּזאָגן פון זײַן מיינונג... דעריבער האָב איך באשלאָסן לײַדן אלץ, נאָר בלײַבן בא מײַן מיינונג”.

און אקאָסטע ווערט איזאָלירט פון דער גאנצער געמיינדע, קיינער טאָר מיט אים קיין מאגעמאסע ניט האָבן. גריסן זיך מיט אים, ריידן מיט אים, געפינען זיך מיט אים אין איין גצועלשאפט — דאָס אלץ האָט די קעהילע שטרענג פארבאָטן סײַ אין איר אייגענעם נאָמען סײַ אין נאָמען פונעם הייליקן גאָט און זײַן טוירע.

איינזאם, פארלאָזט אפילע פון די ברידער, פארטיפט זיך אקאָסטע אין די פראגן פון רעליגיע און לעבן. ער פרוווט באזיניקן דעם טאָכ פון דעם מענטשנס לעבן און קומט, אין קעגנזאץ צו די רעליגיעזע באהויפטונגען וועגן דער געטלעכער אומשטערבלעכקײַט פון דער מענטשלעכער נעשאָמע, צום אויספיר, אז די מענטשלעכע נעשאָמע איז שטערבלעך און אז דער מענטש איז א טייל פון דער נאטור, וועלכער ווארפט זיך אונטער אירע געזעצן.

די דאָזיקע אלע געדאנקען פאָרמולירט ער אין זײַן ווערק „וועגן דער שטערבלעכקײַט פון דער מענטשלעכער נעשאָמע”. צו אונדז זײַנען דערגאנגען, צום גרויסן באדויערן, בלויז דרײַ קאפיטלען (XXIII, XXIV, XXV) פון דעם דאָזיקן ווערק, וועלכע ווערן ציטירט אין א בוך פון

אקאָסטעס קעגנער דא-סילווא. אָבער אויך פון די דאָזיקע דרײַ קאַפּיטלען ווערט געגנוג קלאָר אקאָסטעס באַדײַטונג פארן פּראָגרעסיטענעם געדאנק, באַזונדערס, מיט זײַנע אַנטירעליגיעזע פאָרשטעלונגען און באַהויפּטונגען וועגן דעם ערדישן טאָך פון דער מענטשלעכער נעשאָמע און מענטשלעכן גײַסט.

אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע שרײַבט אקאָסטע וועגן דעם צוועק פון דעם דאָזיקן טראַקטאַט זײַנעם אַזוי:

„איך האָב באַשטימט אָנצושרײַבן א בוך, קעדיי צו דערווײַזן די גערעכטקײַט פון מײַן זאַך און אָפּן סמאַב פון דעם כומעש גופע באַווײַזן די פּוסטקײַט פון די פּאַריסעיִשע טראַדיציעס און קאַנאָנען... ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן איבער מײַן ווערק, האָט פּאַסירט אַזוינס... אַז אַדאַנק דער רײַפער באַטראַכטונג האָב איך זיך פעסט אָנגעשלאָסן אין די, וועלכע האַלטן דעם לוין און די שטראָף פון דער ביבל פאַר צײַטווײַליקע און וועלכע דערלאָזן בעשום אויפן ניט דאָס יענוועלטיקע לעבן און די אומשטערבלעכקײַט פון דער נעשאָמע”.

אין די פאַרבליבענע קאַפּיטלען פונעם טראַקטאַט רעדט אקאָסטע וועגן דעם, אַז דער מענטש האָט נאָר איין לעבן — דאָס איז דאָס לעבן, וועלכעס ער לעבט אויף דער ערד. קיין צווייטס איז ניט פאַראַן. די, וועלכע דערווידערן קעגן דעם דאָזיקן געדאַנק און קריכן פון דער הויט אויס צו דערווײַזן, אַז די נעשאָמע איז אומשטערבלעך, און צווינגען, אַזויאַרום, צו גלייבן אין טכיִאַס-האַמייסים, די פאַרגלײַכט אקאָסטע צו מענטשן, וואָס קריכן אויף גלאַטע ווענט אָן א לייטער, ניט האָבנדיק קיין שום אָנשפּאַר-פּונקט. ווײַל אויב זייער גלויבן אין דער אייביקײַט פון דער נעשאָמע שטיצט זיך אויף דער ביבל, איז לײַכט צו דערווײַזן, זאָגט אקאָסטע, מיט דער הילף פון די ביבל-טעקסטן זעלבסט, אַז מע טײַטשט פאַלש אויס, מע פאַרקריפּלט די ווערטער פון דער ביבל, וווּ עס ווערט, קלוימערשט, אָנגעוויזן, אַז די נעשאָמע, אַלס געטלעכע, לעבט אייביק. און דאָ טרעט פאַר אונדז אקאָסטע אַרויס ווי איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן מיט אײַנערלעכע מיטלען קריטיקירט די ביבל אַלס געטלעכן סייפער. ווענדיק דערווײַזן די אומשטערבלעכקײַט פון דער

נעשאָמע, שרײַבט אקאָסטע, שטיצנ זיכ די גײַסטלעכע אפ דעמ, וואָס אינ כומעש ווערט דערציילט, אז גאָט האָט באשאפנ דעמ מענטשנ לויט זײַנ געשטאלט. פונ דעמ מאכנ זיי דעמ אויספיר, אז אויב גאָט איז אומשטערבלעכ, הייסט עס, אז זײַנ געשטאלט — דער מענטש איז אויכ אומשטערבלעכ. אקאָסטע דערווידערט קעגנ דעמ אזוי: אויב מע זאָל דעמ מענטשנ באטראכטנ אלס געטלעכע אָפּבילדונג, וואָס איז א פּינקטלעכע קאָפּיע פונ גאָט, מוז מענ דערלאָזנ, אז דער מענטש איז גלײַכ צו גאָט, אָדער, אנדערש גערעדט, גאָט באשאפט זיכ זעלבסט אינ געשטאלט פונעמ מענטשנ. קאָנ דענ אָבער גאָט זיכ אליינ פונדאָסנײַ באשאפנ אונ געבוירנ? ווענ די גײַסטלעכע וואָלטנ זיכ באטראכט, זאָגט אקאָסטע, וואָלטנ זיי פארשטאנענ, אז דערלאָזנדיק דעמ געדאנק — דער מענטש איז גאָטס געשטאלט, — קומענ זיי אומפארמײַדלעכ צו דער אָפּלייקענונג פונ גאָט זעלבסט. אונ אויב עס איז ניט אזוי, פארענדיקט אקאָסטע זײַנ דערווײַזונג, דארפ מענ מיינענ, אז אומשטערבלעכקײַט איז בלויז די אייגנשאפט פונ גאָט, אונ דער מענטש, די נעשאָמע זײַנע איז, פארקערט, שטערבלעכ.

אינ דער ביבל, זאָגט ווײַטער אקאָסטע, ווערט אינ ערגעצ ניט דערמאָנט, אז דער מענטש, אָפּהענגיק פונ זײַנ אופירונג אפ דער ערד, האָט נאָכ א יענוועלטיק לעבנ, פול מיט לײדנ אָדער מיט ערע. אונ די ביבל וואָלט ניט פארשוויגנ אזא זאכ, ווי א פּײַנלעכ לעבנ אפ יענער-וועלט, ווײַל גאָט, ווי געוויינלעכ, באהאלט ניט אויס פונ די מענטשנ זײַנ שטראָפ. פארקערט, גאָט האָט די טעווע גאנצ אָפט צו דערמאָנענ זײַנע שטראָפ-מיטלענ, וואָס מיט זייער הילפ שרעקט ער אָנ אופהער דעמ מענטשנ. גאָט אליינ האָט שוינ דעמ ערשטנ מענטשנ — אָדאָמענ געזאָגט: „אינ דעמ טאָג, ווענ דו וועסט פונ אימ עסנ (פונעמ אייצ-האדאאס), וועסטו געוויס שטארבנ”. פונ דעמ איז געדרונגענ, אז דער מענטש איז שטערבלעכ, ווארעמ ווענ ער זאָל באזיצנ די אייגנשאפט פונ אומשטערבלעכקײַט, וואָלט זי, די דאָזיקע אייגנשאפט, זיכ געפונענ אינעמ קערפּער אונ דער דאָזיקער קערפּער וואָלט אינ קיינ פאל ניט געווענ שטערבלעכ. אונ נאָכ: שוינ דעמ ערשטנ מענטשנ האָט

גאָט געמאָלדנ: „דו ביסט שטויב אונ צו שטויב זאָלסטו צוריקערנ.״ — הייסט עס, זאָגט אקאָסטע, דעמ מענטשנס טעג האָבנ א צאָל אונ א סאָפ.

אונ נאָכ פיל אנדערע ערטער פונ דער ביבל ברענגט אקאָסטע, קעדיי צו איבערצייַגנ, אז וועגנ דער עמעסדיקייַט פונ די ביבל-ספאָרימ טאָר מענ ניט אורטיילנ לויט דעמ, וואָס עס זאָגנ וועגנ זיי, ווי ער דריקט זיכ אויס, די פאריסייענ. צווישנ די ספאָרימ, וואָס די פאריסייענ טראָגנ אונטער אלס הייליקע שריפטנ אונ פארעכענענ זיי אלס געטלעכע, זייַנענ פאראנ פיל אזוינע, וואָס דארפנ פארשטעלנ אונ באפוצנ זייער פאלשקייַט אונ ליגנערישקייַט, אונ מיט די דאָזיקע פאלשע מיטלענ, זאָגט אקאָסטע, מיינענ זיי אונטערצוהאלטנ דעמ גלויבנ אינ דעמ, וואָס עס לערנט די רעליגיע.

טכיאס-האמייסימ, גענעמ, גאנײדנ, האשאָראס-האנעפעש, יענוועלטיק לעבנ — דאָס אלצ זייַנענ, לויט אקאָסטענ, איליוזאָרישע, פאנטאסטישע, נארישע, אומזיניקע, לעכערלעכע באגריפנ, וואָס זייַנענ אויסגערעכנט אפ אָפצונארנ דעמ מענטשנ, אפ צו בארויבנ זייַנ געזונט, זייַנ נאטירלעכ לעבנ. אקאָסטע דערקלערט, אז מיט דער אייַנריידעניש וועגנ דער אייביקייַט פונ דער נעשאָמע אונ איר לעבנ אפ יענער-וועלט האָט די רעליגיע פארשאפט פיל שלעכטס אונ שאָדנ דעמ מענטשנ. צוליב די פאלשע האָפענונגענ אפ א גוט לעבנ אפ יענער-וועלט פייַניקט דער מענטש זייַנ קערפער אפ דער-וועלט. אקאָסטע אפעלירט צומ סייכל-האיאָשער: זאָל דער מענטש מיט זייַנ קלאָרנ געדאנק באנעמענ, ווי פאלש, ווי לעכערלעכ עס איז די פאָרשטעלונג, אז עס עקזיסטירט קלוימערשט אייביק גוטס אונ אייביק שלעכטס, אז אָפלעבנדיק דאָ, אפ דער-וועלט, אינ צאָרעס אונ אינ פייַנ, וועט ער דערפאר, קלוימערשט, באלויגט ווערנ דאָרט, אפ יענער-וועלט, מיט אייביקנ גוטס, אונ, פארקערט, — וועט דער מענטש דאָ אויסבויענ פאר זיכ א פרייַ לעבנ, וועט ער דאָרט באשטראָפט ווערנ מיט אייביקנ שלעכטס.

אקאָסטע שטרעבט, אזויארומ, צו באפרייַענ דעמ מענטשנ פונ די רעליגיעזע פענטעס אונ מיט דער הילפ פונעמ פארנונפט אוועקשטעלנ אימ אינ זייַנע נאטירלעכע באדינגונגענ.

די רעליגיע-לערע איז, לויט אקאָסטען, ביכלאַל געדאַנק-פאַרקריפּלונג; די רעליגיע ווערט אויסגענוצט דורכן קלער, קעדיי צו פאַרוואַנדלען די מענטשן אין קנעכט. „מיין זאַב — שרייבט אקאָסטע, ווענדנדיק זיך צו די קלעריקאַלן, — איז אַפּ אַזויפיל עמעסדיקער פון אייערער, אַפּ וויפל דער עמעס איז העכער פון פאַלשקייט. איר זייט פאַר אָפּנאַרערייַ, קעדיי צו פאַנגען מענטשן און פאַרוואַנדלען זיי אין קנעכט. איך, ווידער, קעמפּ פאַרן עמעס און פאַר דער נאַטירלעכער פרייַהייט פון דעם מענטשן, וואָס זיין ווירדע פאָדערט צו באַפרייען זיך פון אָבערגלויבענישן און פון פוסטע מינהאָגים".

אָנשטאָט רעליגיע — נאַטירלעכע פרייַהייט. אָט דאָס איז אקאָסטעס גרונט-אידיי. אונטער נאַטירלעכער פרייַהייט פאַרשטייט אקאָסטע דעם גאַנצן עטישן קאָדעקס פון בורזשואַזן רעכט — די אומבאַרירלעכקייט פון פּריוואַטן אייגנטום, די ליבע פון מענטשן צו מענטשן, די אכטונג צו עלטערן אַדג. ניט אַרויסגייענדיק פון די ראַמען פון בורזשואַזער מאָראַל, איז אָבער אקאָסטעס עטיק מיט איר שאַרפּ געווען געווענדט קעגן רעליגיעזער פאַרשקלאַפונג, און דערמיט איז זי פאַר זיין צייט געווען פּראָגרעסיוו.

זיין קאַמפּ קעגן רעליגיע וויקלט אקאָסטע פאַנאַנדער אַרום דער פראַגע וועגן דער שטערבלעכקייט פון דער נעשאָמע. וואָס פאַרשטייט אקאָסטע אונטער דעם באַגריף „נעשאָמע"? אקאָסטע גיט אַזאַ דעפיניציע: די „נעשאָמע" — דאָס איז „דער לעבעדיקער גייסט, מיט וועלכן דער מענטש לעבט און וועלכער געפינט זיך אין די געבליטן". אָבער ניט געקוקט דערויף, וואָס ער רופט די נעשאָמע אָן „לעבעדיקער גייסט", פאַרשטייט ער אונטער דעם די מענטשלעכע פּסיכיק, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן קערפּער. „עס איז קלאָר, ווי די זון, שרייבט ער אינעם קאַפּיטל XXIII, אַז דער מענטש באַשאַפט די נעשאָמע פון אַ צווייטן מענטשן מיט דער הילפּ פון נאַטירלעכער באַשאַפונג, פונקט אַזוי ווי אייגן כייע באַשאַפט די נעשאָמע פון אַ צווייטער ענלעכער צו איר כייע... דער מענטש באַשאַפט, אַזויאַרום, אַ צווייטן מענטשן, אַ פאַרנונפטלעכן, ווי ער אַליין איז". פרעגט זיך: „איז די מענטשלעכע נעשאָמע שטערבלעך, אָדער, פאַרקערט, זי איז אומשטערבלעך? און

אקאָסטע ענטפערט: די דאָזיקע נעשאָמע — דער לעבעדיקער גײַסט איז שטערבלעכ. זי ווערט באשאפנ מיטנ קערפער אונ קומט אום צוזאמענ מיט דער פארניכטונג פונעם קערפער.

אקאָסטע גראָבט, אזויארום, אונטער דעמ וויכטיקסטנ זײַל פונ דער רעליגיעזער אידעאָלאָגיע.

ווי אייניקע פאר אים, איבנ-עזרע, צום בײַשפּיל, אונ ווי אייניקע נאָכ אים, צום בײַשפּיל, — שפּינאָזע, גייט אקאָסטע צו דער אָפּלייקע-נונג פונ רעליגיע, אָפּלייקענענדיק די הייליקײַט אונ געטלעכקײַט פונ דער ביבל מיט דער הילפ פונ די ביבל-טעקסטנ גופע. ער ווײַזט אופ איר מענטשלעכנ באָדנ אונ אינהאלט. גייענדיק מיט דעמ דאָזיקנ וועג, קומט אקאָסטע צו באהויפּטונגענ וועגנ מענטש אונ נעשאָמע, וועגנ מענטש אונ נאטור, וואָס זײַנענ פונקט דער היפּעכ פונ די, וואָס עס לערנט די ביבל.

אקאָסטע קומט דערבײַ צום פיל-זאָגנדיקנ אונ טיפנ געדאנק, אז „דער כומעש געהערט ניט מוישענ, נאָר איז א מענטשלעכע אויס-טראכטעניש, אנ ענלעכע צו אָנ א שיר אנדערע אינ דער וועלט". ארויסגייענדיק טאקע פונ דער דאָזיקער אָנווײַזונג אקאָסטעס, האָט שפּינאָזע שפּעטער געשאפנ זײַנ „פּאָליטיש-טעאָלאָגישנ טראקטאט", וואָס איז געוואָרנ די באזע פאר דער הײַנטצײַטיקער וויסנשאפטלעכער ביבל-קריטיק.

ניט געקוקט דערויפ, וואָס אקאָסטע האָט אָפּגעלייקנט די רעליגיעזע מיסטיש-פארנעפּלטע באהויפּטונג, אז די מענטשלעכע נעשאָמע איז אומ-שטערבלעכ, אונ האָט פארטיידיקט דעמ געדאנק וועגנ נאטירלעכער מאָראל, האָט ער אָבער דאָכ געמיינט, אז גאָט, אלס באשעפער פונ דער נאטור אונ אלס אָנפירער פונעם מענטשלעכנ ווילנ, עקזיסטירט. אויסקעמפנדיק פארנ מענטשנ דאָס רעכט אפ דער נאטור, האָט ער אָבער ניט פארשטאנענ, אז די נאטור — די באשעפערנ פונ אלע זאכנ אונ דערשײַנונגענ נייטיקט זיכ ניט אינ קיינ באשעפער, אינ קיינ גאָט. אזויארום האָט אקאָסטע — דער לײַדנשאפטלעכער עמעס-זוכער דעמ פולנ עמעס ניט געפונענ. צו דער אטעיסטישער וועלט-אָנשויונג איז ער ניט געקומענ. אגעוו, אויכ דערמיט טאקע, וואָס צו קיינ פארגאנצטער

ריכטיקער פילאָסאָפישער סיסטעמ האָט זיכ אקאָסטע ניט דערהויבנ, קאָנ מענ דערקלערנ זײַנ טראגישע קאטאסטראָפע.

די אלע אויבנ דערמאָנטע פראָבלעמענ האָט אקאָסטע שוינ פאָרמולירט, ווײַזט אויס, אינ זײַנ בוכ „וועגנ דער שטערבלעכקײַט פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע". דאָס איז צו זענ ניט נאָר פונ די פארבליבענע דרײַ קאפיטלענ, נאָר אויכ פונ זײַנ אווטאָביאָגראפיע — „א בײַשפיל פונ א מענטשלעכנ לעבנ", וועלכע האָט זיכ פולשטענדיק פארהיט.

דער טראקטאט האָט נאָכ ניט באוויזנ ארויס פונ דרוק, ווי די באשיצער פונ דער רעליגיע, די רעדלפירער פונ דער קעהילע, האָבנ אויסגעצויגנ צו אקאָסטענ זייער ביינערדיקע האנט. זיי האָבנ אײַנגעזענ, אז דאָס אָפלייקענענ די אומשטערבלעכקײַט פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע רײַסט אופ דעמ פונדאמענט פונ דער רעליגיע. אונ מע ווארפט אקאָסטענ צומ צווייטנ מאָל ארײַנ אינ כיירעמ אונ מע פארמישפעט אימ צו צענ טעג טפיסע. דאָס איז פאָרגעקומענ אינ 1623 יאָר.

„ווי נאָר דער בוכ איז דערשינענ, דערציילט אקאָסטע אינ זײַנ אווטאָביאָגראפיע, האָבנ זיכ פארזאמלט די עלטסטע אונ די אויסדערוויילטע פונ די ייִדנ אונ האָבנ פאָרגעשלאָגנ פארמאסערנ מיכ פאר דער ציווילער מאכט דערפאר, ווײַל איכ האָב אָנגעשריבנ אזא בוכ, אינ וועלכנ איכ לייקנ אָפ די אומשטערבלעכקײַט פונ דער נעשאָמע, אונ דערמיט האָב איכ ניט נאָר זיי באליידיקט, נאָר אויכ ארונטערגעריסנ דעמ קריסטלעכנ גלויבנ. איבער דער דאָזיקער מעסירע האָט מענ מיכ פארשפארט אינ טפיסע... דער געריכט האָט פונ מיר געפאָדערט שטראָפ. מע האָט צוגעמישפעט, איכ זאָל ארײַנטראָגנ דרײַ הונדערט פלאָרינענ, אונ מע האָט אָפגענומענ דעמ בוכ". אלע עקזעמפליארנ פונ אקאָסטעס בוכ האָבנ די יעזויִטישע אויסווורפנ פארברענט.

באמ צווייטנ כיירעמ האָט מענ זיכ איבער אקאָסטענ מאמעש איזדיעקעוועט. ער האָט ניט געקאָנט דורכגייִנ א גאס. ווי נאָר ער פלעגט זיכ ערגעצ באווײַזנ, פלעגט מענ אימ נאָכלויפנ מיט זידלערײַענ אונ ווארפנ אינ אימ שטיינער. נאָר אויכ אינ דער היימ האָט ער קיינ רו ניט געהאט.

אינ אזוינע שווידערלעכע פלאָגענישנ פארלויפנ פופצנ יאָר — פונ

זינט דעמ ערשטנ כײרעמ. פאר דער צײַט שטארבנ אָפּ זײַנ מוטער אונ זײַנ פרױ. די דאָזיקע שװערע פארלוסטנ, די אומדערטרעגלעכע אײנזאמקײַט ברעכנ אקאָסטעס שטאָלצ. דערצו נאָכ האָט זיכ אימ, באַ זײַנ איזאָלירטער לאגע, ניט אײַנגעגעבנ צו באהערשנ די האָלענדישע שפראכ, אונ ער איז פארבליבנ אָפּגעפרעמדט פונ דער האָלענדישער פּאָליטישער אונ װיסנשאפטלעכער געזעלשאפטלעכקײַט [1].

אנ אָנגעבראָכענער, אנ איזאָלירטער, ניט האָבנדיק דערצו קײנ קאָנסעקװענטע װעלט-אָנשױונג אונ דערלאָזנדיק די עקזיסטענצ פונ גאָט, האָט אקאָסטע באַ זיכ באשטימט, אז אױב ער װעט אפילע נאָכגעבנ דער קעהילע אונ װעט „מאכנ דעמ אָנשטעל פונ א מאלפּע צװישנ מאלפּעס", װעט דאָס דאָכ ניט באטײַטנ, אז ער טרעט אָפּ פונ זײַנע װעגנ.

אונ נאָכ א שװערנ אינערלעכנ קאמפּ, מיט פּײַנלעכע איבערלעבונגענ, קומט אקאָסטע צום באשלוס — נאָרמאליזירנ זײַנע באציִונגענ מיט דער קעהילע. דאָס איז פּאָרגעקומענ אינ 1633 יאָר.

אָבער אקאָסטע האָט בלויז פּאָרמעל באשטימט „אײַנצולעבנ זיכ" מיט דער קעהילע. אינדערעמעסנ זעצט ער פּאָר דאָס לעבנ פונ א פרײַדענקער. די קעהילע, פונ איר זײַט, גלײבט אימ ניט אונ שפּירט אימ נאָכ אָפּ יעדנ טריט אונ שריט, אונ בוכשטעבלעכ אינ א פּאָר טעג ארומ נאָכ דעמ, װי ס'איז געשלאָסנ געװאָרנ דער „שאָלעמ", דערװיסט זי זיכ, אז אוריִעל עסט טארפע. דערצו נאָכ איז צוגעקומענ נאָכ אײנ „פארברעכנ": צװײ מענטשנ — א שפּאניער אונ אנ איטאליענער, װאָס האָבנ זיכ געקליבנ אָנעמענ די ייִדישע רעליגיע, האָט אקאָסטע אָפּגערעדט פונ צו באגײנ זײער שריט. דאָס האָט שוינ אינגאנצנ אופגעבראכט די „הײליקע" קנופּיע. אקאָסטע װערט ארױסגערופנ אינ בעסדנ. אצינד גילט שוינ ניט דער אונטערגעשריבענער קאָנטראקט, די הײליקע סאדיסטנ פאָדערנ אצינד פונ אקאָסטענ, ער זאָל פאר דער גאנצער

1 צו יענער צײַט זײַנענ שוינ אינ האָלאנד געװענ באדײַטנדיקע געלערנטע: סטעװינ (1548—1620), װעלכער האָט געגעבנ אײניקע װערק איבער דער מעכאניק פונ פליסיקײַטנ, װאנ העלמאָנט (1577—1644), א באװוסטער כימיקער, הױגענס (1629—1695), א באװוסטער געלערנטער אינעמ געביט פונ אָפּטיק אונ מעכאניק, א. אנד.

איידע ייִדן קומען אין בעסמעדרעש אין טרויער-קליידער, מיט שוואַר-צע ליכט אין די הענט, שלאָגן זיך אלכעט, פאַסטן עטלעכע טעג און דורכמאַכן נאָך א גאַנצע ריי דערנידעריקנדיקע שטראָף-פּראָצעדורן, וואָס זאָלן „אויסלייטערן זייער נעשאָמע". אקאָסטע נעמט דעם דאָזיקן ווילדן פאָרשלאָג ניט אָן, און ער ווערט ווידער דערקלערט אלס „אכער"[1].

עס קומען אָן פּאָר אקאָסטעס אומדערטרעגלעכע שווערע זיבן יאָר. ער שטייט אויס א שווערן, פאַרביטערטן קאַמף ניט נאָר מיצאַד דער קעהילע, נאָר אפילע מיצאַד זיינע נאָענטסטע מענטשן, די קרויווים. „צוויי אָרדענונגען, אזוי צו זאָגן, שרייבט אקאָסטע, האָבן מיט מיר געקעמפט. איינע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס פאָלק, די צווייטע — מיינע קרויווים". און אקאָסטע, שוין איינגאַנצן א צעבראָכענער און א פאַרצווייפלטער, קומט צו דער קעהילע אָננעמען איר שטראָף. א שווי-דערלעך, העסלעך בילד קומט פאָר אין בעסמעדרעש, ווען די מערדער אין קיטלען טרעטירן דעם פריידענקער. מע שלאָגט אים מאַלקעס, מע לייגט אים אוועק אפּן שוועל פון בעסמעדרעש, און אלע, פון קליין ביז גרויס, טרעטן איבער זיין קערפּער.

„זאָל, שרייבט אקאָסטע, איצט אורטיילן דער, וועלכער האָט גע-הערט, וואָס פאַר א שוידער-בילד דאָס איז געווען — צוצוזען, ווי אן אלטן מאַן, ניט פון נידעריקער אָפּשטאַמונג, פון דער נאַטור זייער א שעמעוודיקן, האָט מען אָפּ אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין דער אָנוועזנהייט פון אלע — מענער, פרויען און קינדער — אויסגעטאָן הויל און געשלאָגן מיט ריטער לויטן באַפעל פון די ריכטער, און וואָסערע ריכטער — גיכער מיִעסע קנעכט, איידער ריכטער. זאָל מען באַנעמען, וואָס פאַר א צאַר עס איז — פאַלן צו די פיס פון די ערגסטע פיינט, פון וועלכע מע איז אויסגעשטאַנען אזויפיל בייז און באַליידיקונג, און פאַלן קוירים, קעדיי געטראָטן ווערן פון זייערע פיס"... „וואָס קאָנען טאָן איינער אליין קעגן אזא מערהייט?" — פרעגט אקאָסטע מיט פאַר-צווייפלונג. און דער ענטפער זיינער איז אזא: „מיט טרויער און צאַר

[1] „אכער" — אַן אָפּטריניקער.

אָנערקענ איך, אז איך בינ אוּנטערדריקט פונ אײַער מערהײַט. נאָר פונ די דאָזיקע געדאַנקענ אונ רייד אײַערע קאָכט אינ הארצ מײַנעם א גרויסע סינע, אונ אלצ שרײַט אינ מיר... איינס קאָנ איך נאָר זאָגנ: עס פעלט קראפט!"

ער קומט אהיים, שרײַבט אָנ זײַנ אווטאָביאָגראפיע — „א בײַשפיל פונ א מענטשלעכנ לעבנ" אונ באגייט זעלבסטמאָרד. דאָס איז פאָרגעקומענ אינ 1640 יאָר.

ווי עס איז באוווסט, איז שפינאָזע אויך געקומענ אינ א קאָנפליקט מיט דער קעהילע, אָבער ער האָט זיך אפנ כיירעמ אפילע ניט דער-ווארט. ער האָט פארלאָזט די קעהילע פריִער, איידער פונ דער בימע האָט זיך געלאָזט הערנ דאָס געברומ פונ די צעווילדעוועטע יעזויִטנ, וואָס זײַנענ גרייט געווענ אופעסנ באָרוכ שפינאָזענ לעבעדיקערהייט. שפינאָזע האָט קיינמאָל ניט געטראכט אומצוקערנ זיך, אונ ער האָט זיך טאקע קיינמאָל ניט אומגעקערט צו דער קעהילע. שפינאָזע האָט שוינ געהאט פאר זיך דעמ טראגישנ בײַשפיל פונ אקאָסטענ. דאָס נעמט זיך נאָכ אָבער אויך פונ דעמ, וואָס שפינאָזע האָט זייער גוט פארשטאנענ, אז צווישנ אימ אונ דער קעהילע איז אויסגעגראָבנ א טיפער טהאָמ. אקאָסטענ האָט געפעלט שפינאָזעס פארשטיינ, ווי טיפ עס איז דער טהאָמ צווישנ עמעסנ וויסנ אונ רעליגיע, עס האָט אימ אויך געפעלט שפינאָזעס פארבינדונג מיט די פראָגרעסיווע געזעלשאפטלעכ-פאָליטישע באַוועגונגענ פונ זײַנ צײַט. אונ דאָס האָט אימ דערפירט צו זײַנ טראגישנ סאָפ.

פונ א קריסט צו א גלויביקנ ייִדנ, פונ דער ייִדישער רעליגיע צו דער אָפלייקענונג פונ דער הייליקײַט אונ געטלעכקײַט פונ „מוישעס טוירע", פונ דער אינערלעכער קריטיק פונ דער ביבל צו דער אָפליי-קענונג פונ דער אומשטערבלעכקײַט פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע — אָט דאָס איז דער שווערער, קאָמפליצירטער אידייִשער וועג, וואָס אקאָסטע האָט דורכגעמאכט. קיינ אטעיִסט איז ער ניט געוואָרנ, אָבער נאָענט בא דעמ האָט אקאָסטע געהאלטנ. זײַנ צײַט האָט אימ דעריבער פארהאסט אונ פארניכט. ער איז אָבער געבליבנ לעבנ פאר די קומענדיקע דוירעס.

---

# באָרוכ שפּינאָזע

## I. זײַנ לעבנ אונ באַדײַטונג

באָרוכ שפּינאָזעס פּאָטער — מיכל שפּינאָזע — איז, נאָכ א קינד זײַענדיק, צוזאַמענ מיט זײַנע עלטערנ אריבערגעפאָרנ פונעם פּירענעיִשנ האַלבאינדזל, פונ שפּאַניע, קיינ האָלאַנד. ער איז געווענ א הענדלער, ניט קיינ לערנער, אָבער א ערלעכ-פרומער ייִד. א לאַנגע צײַט איז ער געווענ פּאַרנעס אינ דער קעהילע. מיכל שפּינאָזע האָט געהאַט דרײַ ווײַבער. פונ דער צווייטער, כאַנע-דוורע, איז בײַ אים דעמ 24 נאָיאַבער 1632 יאָר געבוירנ געוואָרנ א זונ, וועמענ מע האָט א נאָמענ געגעבנ באָרוכ.

דער פּאָטער האָט געטרוימט צו געבנ זײַנ זונ א טראַדיציאָנעלרעליגיִעזע דערציִונג אונ גרייטנ אימ פאַר א ראָוו. צו זיבנ יאָר קומט באָרוכ אָנ אינ דער נאָרוואָס געגרינדעטער טאַלמעטוירע „אייצ-האַכאַימ”. די טאַלמעטוירע האָט געהאַט זיבנ קלאַסנ. אינ די ערשטע קלאַסנ האָט מענ געלערנט איוורע, כומעש אונ טאַנאַכ; אינ די עלטערע — דיקדוק, מוסער, מעליצע, טאַלמוד, טויספעס אאַז. קיינ וועלטלעכע וויסנשאַפטנ האָט מענ דאָ ניט געלערנט. אינ די עלטערע קלאַסנ האָט שפּינאָזענ געלערנט טאַלמוד דער דעמלטיקער באַוווּסטער אַמסטערדאַמער ראָוו סאָול מאָרטיירע — א ייִד, וואָס האָט געשפּילט אָנ אָנגעזעענע ראָליע אינעמ דעמלטיקנ ייִדישנ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ אינ אַמסטערדאַמ, א באָקי, אָנ ערשטקלאַסיקער טאַלמודיסט אונ א פאַנאַטיקער. מיט אימ וועט עס שפּינאָזע שפּעטער האָבנ דעמ גרויסנ וויקועכ וועגנ דער אָפּשטאַמונג פונ „מוישעס טוירע”.

דער טרוקענער, אבסטראקטער טאלמוד, די פארנעפּלטקייט און פארפּלאָנטערטקייט פונעם פּילפּל, די פארדאָרבנקייט פונעם מוסער, דער פולשטענדיקער אייַנרייַס צווישנ דער ווירקלעכקייט און די „הייליקע" שריפטנ האָט דערוועקט אינ דעמ יונגנ שפּינאָזע א פונק פונ צווייפל. שפּינאָזע איז ניט זיכער אינעמ עמעס פונ דער „הייליקער טוירע", און ער הייבט אָנ זוכנ אנ ענטפער אפ זייַנע ספייקעס. ער באקענט זיכ מיטנ איבנ-עזרע, ראמבאמ, כאסדייַ קרעסקאס און אנדערע מיטלאלטערלעכע יידישע פילאָסאָפנ, אָבער קיינ ענטפער אפ די וויכטיקסטע פראגנ, וואָס רעגנ אימ, געפינט ער בא זיי ניט.

באָרוכ מוז אָבער דערגייינ דעמ מעהוס פונ נאטור און לעבנ, ער מוז וויסנ, אינ וואָס באשטייט דאָס גליק פונ דעמ מענטשנ. געפינענ אנ ענטפער אפ אָט די וויכטיקסטע פראגנ קאָנ מענ בלויז אינ דער וועלטלעכער ליטעראטור, אינ די וויסנשאפטנ און אינ דער פילאָסאָפיע. די דאָזיקע ליטעראטור איז אָבער געשריבנ אינ לאטייַנ. עמעס, די לאטייַנישע שפראכ איז אימ שוינ א ביסל באקאנט, אָבער ניט גענוג, מע דארפ זי דערלערנענ טיפער. צוליב דעמ קומט שפּינאָזע, צו 23 יאָר, אָנ אינ דער לאטייַנישער שול, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער פרייַדענקער און געלערנטער דער דאָקטאָר וואנ-דער-ענדענ. וואנ-דער-ענדענס שול האָט געשעמט פאר א „נעסט פונ אטעיִסטנ". אינ דער דאָזיקער אטעיִסטישער נעסט האָט שפּינאָזע גרינטלעכ דערלערנט ניט נאָר לאטייַנ, ער האָט זיכ אויכ באקענט מיט די פילאָסאָפישע סיסטעמענ פונ דזשאָרדאנאָ ברונאָ, האָבס, בעקאָנ און דעקארט. די דערמאָנטע פילאָסאָפנ האָבנ באזונדערס באווירקט שפּינאָזענ און אימ געריכטעט אפ דער מאטעריִאליסטישער ליניע אינ דער פילאָסאָפיע.

גלייַכצייַטיק באקאנט זיכ שפּינאָזע מיט אנ אינטעליגענטנ-געזעלשאפט, וואָס אירע אָנטיילנעמער האָבנ זיכ אָנגערופנ קאָלעגיִאנטנ. דאָס איז געווענ א גרופּע בורזשואזע אינטעליגענצ, וועלכע האָט געפּריידיקט פרייַהייַט פונ גלויבנ, זיכ ארויסגעזאָגט פאר א רעליגיע אָנ גאלאָכימ און גייַסטלעכע און האָט זיכ געהאלטנ פאר א פרייַער אויסטייַטשונג פונ דער ביבל. אינ דער דאָזיקער קאָלעגיִאנטנ-סוויווע האָט שפּינאָזע — דער

גרויסער קענער פונ טאנאכ אונ טאלמוד — דעראָבערט א גרויסנ אווטאָריטעט. די פאָרגעשריטנסטע פונ צווישנ די קאָלעגיאַנטנ ווערנ זײַנע נאָענטסטע פרײַנט: צומ בײַשפיל, — סימאָנ-דע-ווריז, וואָס האָט אינ 1663 יאָר אָנגעפירט מיט א פילאָסאָפיש קרײַזל צומ דערלערנענ שפינאָזעס פילאָסאָפיע; יארינ יעלעס, וואָס האָט אפ זײַנ אייגענעמ כעזשבנ ארויסגעגעבנ שפינאָזעס „פרינציפנ פונ דעקארטס פילאָסאָפיע" אונ וואָס האָט נאָכ שפינאָזעס טויט מיטגעהאָלפנ ארויסצוגעבנ די פארבליבענע ווערק פונ זײַנ פרײַנט; פעטער באלינג, וואָס האָט איבערגעזעצט אינ האָלענדיש „די פרינציפנ פונ דעקארטס פילאָסאָפיע"; דער בוכהענדלער יאנ ריווערטס — שפינאָזעס פארלעגער אא. די אלע דערמאָנטע מענטשנ האָבנ געשפילט א באדײַטנדיקע ראָליע אינ שפינאָזעס לעבנ, זיי האָבנ אימ ארומגערינגלט מיט זאָרג אונ ליבע אונ האָבנ שטארק מיטגעהאָלפנ דער פארשפרייטונג פונ שפינאָזעס לערע.

בא וואנ-דער-ענדענ אינ שול אונ אינ דער קאָלעגיאַנטנ-סוויווע פורעמט זיכ שפינאָזע אויס אלס אטעיִסט אונ פרײַדענקער.

די אמסטערדאמער קעהילע האָט וועגנ דעמ ניט געקאָנט ניט וויסנ. די קעהילע האָט אָבער אויכ געוווסט, אז שפינאָזע איז א גרויסע קראפט, אונ דעריבער האָט זי לעכאטכילע געפרווט אופווירקנ אפ שפינאָזענ „מיט גוטנ" אונ איבעררײדנ אימ. געלט, רעכנט די קעהילע, איז דאָס בעסטע מיטל דערצו. אונ די קעהילע לייגט אימ פאָר טויזנט גולדנ א יאָר מיטנ טנאַי, ער זאָל כאָטש שאבעס אונ יאָמטעוו פונ לײַטנס וועגנ גיינ אינ בעסמעדרעש אונ אינ ערגעצ פאר קיינעמ עפנטלעכ ניט ארויסזאָגנ זײַנע אטעיִסטישע געדאנקענ. שפינאָזע ווארפט אָפ אָט דעמ העסלעכנ קרעמערישנ פאָרשלאָג, ענטפערנדיק סארקאסטיש דער קעהילע, אז ער וויל ניט זײַנ געגליכנ צו די ייִדנ פונ כומעש, וואָס האָבנ פארנ ארויסגיינ פונ מיצראַיִמ אָפגענארט זייערע נעכטיקע הערשער. דער דאָזיקער ענטפער האָט נאָכ מער צעפלאקערט די סינע פונ דער קעהילע, אונ עס דערגייט צו דעמ, אז ווענ שפינאָזע קערט זיכ אינ איינעמ אנ אָוונט אומ פונ טעאטער אהיימ, באפאלט אימ אנ אונטערגעשטעלטער ייִד מיט א מעסער אינ די הענט. שפינאָזע האָט צומ גליק זיכ צופעליק

ארויסגעראטעוועט פונעמ טויט-קלאפ. דאנ באשטימענ די גאָט-געזאלבטע מערדער ארײַנלייגנ שפינאָזענ אינ כיירעמ. דעמ 27 יול 1656 יאָר האָט די קעהילע געמאָלדנ, אז מע וועט אינ בעסמעדרעש מאכרימ זײַנ באָרוכ שפינאָזע. אָבער שפינאָזע אליינ איז אפ זײַנ כיירעמ ניט געקומענ און האָט דערמיט עפנטלעכ געוואָרפנ דער קעהילע אנ ארויסרופ.

מיט בעסטיאלנ צאָרנ האָט דער ראבינאט „מיטנ העסקעמ פונעמ הייליקנ גאָט" פונ דער שול-בימע געלייענט דעמ טעקסט פונעמ כיירעמ, קעדיי צו וואָרענענ די גאנצע וועלט קעגנ דער „שעדלעכקײַט" און „פארברעכערישקײַט" פונ די אידייענ פונ באָרוכ שפינאָזע.

„די הערנ פונ דעמ מײַמעד מוענ אײַכ צו וויסנ געבנ — ווערט אינעמ כיירעמ געזאָגט, — אז זיי האָבנ פונ א לאנגער צײַט יעדיעס וועגנ די שלעכטע מײַסימ און מאכשאָוועס פונ באָרוכ דע-שפינאָזע און זיי האָבנ זיכ באמיט דורכ פארשיידענע מיטלענ און האפטאָכעס אימ אראָפנעמענ פונ דעמ פאלשנ וועג. היות ווי קיינ שומ זאכ האָט אימ ניט געקאָנט פארבעסערנ און, פארקערט, עס זײַנענ יעדנ טאָג אָנגעקומענ אלצ מער און מער יעדיעס וועגנ זײַנ גרויסער אפיקאָרסעס, וואָס ער האָט געטאָנ און געלערנט, און פונ די אומדערהערטע פארברעכנס, וואָס ער איז באגאנגענ; זיי זײַנענ געוואָרנ באשטעטיקט דורכ א סאכ איידעס, ווענמענ מע קאָנ גלייבנ, און זײַנענ באוויזנ געוואָרנ אינ דער אָנוועזנהײַט פונ שפינאָזענ, ווענמענ זיי האָבנ איבערצײַגט אינ זײַנ שולד, — דעריבער האָבנ מיר באשלאָסנ, נאָכ דעמ, ווי דער וואאד-כאכאָמימ האָט דעמ איניענ אונטערזוכט, מאכרימ זײַנ און ארויסטרײַבנ דעמ דערמאָנטנ דע-שפינאָזע פונ דעמ געדער פונ דעמ יידישנ פאָלק מיט דער האסקאָמע פונ די דערמאָנטע כאכאָמימ. מיר זײַנענ אימ מאכרימ מיט דעמ פאָלגנדנ נוסעכ פונ כיירעמ:

„לויט דעמ באשלוס פונ מאלאָכימ און לויט דעמ פסאק-דינ פונ די קדוישימ מיטנ העסקעמ פונ בעסדנ און פונ דער הייליקער קעהילע אונדזערער זײַנענ מיר מאכרימ, מיר פארשטויסנ, זאָגנ זיכ אָפּ און פארשעלטנ באָרוכ דע-שפינאָזע, און פאר די הייליקע ספאָרימ אונדזערע מיט די תרי"ג מיצוועס, וועלכע זײַנענ אינ זיי פארשריבנ, זײַנענ מיר מאכרימ מיטנ כיירעמ, וואָס יעהוישוא האָט מאכרימ געווענ יעריכוי, מיט דער קלאָלע, וואָס עלישאָ האָט פארשאָלטנ די יינגלעכ, און מיט די אלע טויכעכעס פונ דער טוירע.

זאָל ער זײַנ פארשאָלטנ באטאָג און זאָל ער זײַנ פארשאָלטנ באנאכט! זאָל ער זײַנ פארשאָלטנ, ווענ ער לייגט זיכ, און זאָל ער זײַנ פארשאָלטנ באמ

אוּפשטיין! זאָל ער זייַנ פאַרשאָלטנ באַם אַרויסגיינ און זאָל ער זייַנ פאַרשאָלטנ באַם זייַנ צוריקומענ! גאָט זאָל אים קיינמאָל ניט מויכל זייַנ!

זאָל זיכ זייַנ צאָרנ און קאס קעגנ אָט דעם מענטשנ צעפלאַקערנ, און זאָל ער אפ אים אַראָפּשיקנ אַלע קלאָלעס, וואָס זייַנענ פאַרשריבנ אינ די סיפּריי-טוירע.

און גאָט וועט זייַנ נאָמענ פונ דער ערד פאַרניכטנ, און גאָט וועט אים צו זייַנ מאַפּאָלע אָרויסשטויסנ פונ אַלע שטאַמענ פונ יִיסראָעל מיט אַלע קלאָלעס פונ הימל, ווי זיי זייַנענ אינ דער סייפער-טוירע פאַרשריבנ.

אָבער איר, וואָס דויערט באַ גאָט דעמ האַר אייַערנ, — איר לעבט אייביק!

מיר זייַנענ מאַזהיר, אַז קיינער זאָל מיט אים ניט האָבנ קיינ שום שייַכעס, ניט מינדלעכ און ניט שריפטלעכ. קיינער זאָל אים קיינ שום טויווע ניט טאָנ, און קיינער זאָל מיט אים ניט זייַנ צוזאַמענ אונטער איינ דאַכ אָדער אינ דאַלעד-אַמעס מיט אים, און קיינער זאָל ניט לייענענ קיינ שום סייפער, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אָדער אָנגעשריבנ".

שפּינאָזע איז שוינ ביזנ כיירעם, ווי מיר האָבנ דאָ אָנגעוויזנ, געווענ פאַרבונדנ מיט די בעסטע פאָרשטייער פונ דער אַמסטערדאַמער פרייַדענקערישער אינטעליגענצ. אַצינד, נאָכנ כיירעם, האָט שפּינאָזע זיכ נאָכ ענגער פאַרבונדנ מיט די קאָלעגיאַנטנ, מיט וואַנ-דער-ענדענס שול. די קעהילע רוט ניט. זי קאָנ ניט פאַרלייַדנ, וואָס שפּינאָזע געפינט זיכ נאָכ אַלצ אינ אַמסטערדאַמ. סאָפ 1659 יאָר גיט אָנ סאָול מאָרטיירע, שפּינאָזעס געוועזענער רעליגיע-לערער, א מעסירע אפ שפּינאָזענ דעמ אַמסטערדאַמער בורגמיסטער, און ער פועלט, אַז מע זאָל שפּינאָזענ פאַרטרייַבנ פונ אַמסטערדאַמ. אינ 1660 יאָר באַזעצט זיכ דער אַכט-און-צוואַנציק-יעריקער פילאָסאָפ אינעמ האָלענדישנ שטעטל רייַנסבורג.

אינ רייַנסבורג לעבט שפּינאָזע אָפּ דריַי יאָר. דער דאָזיקער קליינער פעריאָד איז פאַר אים געווענ זייער א פרוכטבאַרער. דאָ פאַרענדיקט ער זייַנ „קורצנ טראַקטאַט וועגנ גאָט, מענטש און זייַנ גליק", איבער וועלכנ ער האָט נאָכ אָנגעהויבנ אַרבעטנ אינ אַמסטערדאַמ.

דער „קורצער טראַקטאַט" איז דאָס ערשטע פילאָסאָפישע ווערק שפּינאָזעס, וואָס קאָנ דינענ אַלס שליסל צו שפּינאָזעס סיסטעמ. דער „קורצער טראַקטאַט" איז, אייגנטלעכ, די אייַנלייטונג צו שפּינאָזעס פילאָ-

סאָפישער סיסטעם, וועלכע ווערט טיף און ברייט אנטוויקלט אין דער „עטיק". אינעם טראקטאט איז אײַנצוזען שפינאָזעס אידייִשן וועג פון א טאלמיד-כאָכעם צו א וועלט-בארימטן פילאָסאָף.

דעם דאָזיקן טראקטאט האָט שפינאָזע געשריבן בלויז פאר זײַנע פרײַנט און האָט ניט געהאט די קאוואָנע אים צו פארעפנטלעכן. און דאָך האָט שפינאָזע פארשטאנען, אז אפילע די נאָענטסטע פרײַנט זײַנע וועלן זײַן איבעראשט פון דעם שלאל פרישע און נײַע געדאנקען, וועלכע ער זאָגט דאָ ארויס. דעריבער וואָרנט ער זיי אינעם נאָכוואָרט פונעם טראקטאט:

„איר זאָלט זיך ניט וווּנדערן איבער דער דאָזיקער נײַער לערע, ווײַל ווי אײַך איז באוווּסט, ווערט דער עמעס ניט פארמינערט צוליב דעם, וואָס די מערהײַט אָנערקענט אים ניט. און ווײַל דער כאראקטער פון דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן, איז אײַך גוט באקאנט, דעריבער בעט איך אײַך זייער ערנסט צו זײַן פאָרזיכטיק, ווען איר וועט מיטיילן מײַנע געדאנקען אנדערע. דערמיט וויל איך קלאל ניט זאָגן, אז איר זײַט מעכויעוו אײַנגאנצן אויסצובאהאלטן מײַנע געדאנקען. פארעפנטלעכט זיי אָבער בלויז אין די אינטערעסן פון גליק פון אײַערע פרײַנט און אזוי, אז איר זאָלט זיכער זײַן, אז די זאכן, וואָס איר וועט מיטיילן אנדערע, וועלן האָבן א גינסטיקע ווירקונג. אויך בעט איך אײַך, אז אויב איר וועט צווייפלען אין וועלכע-ס'ניט-איז עמעסן, וואָס אנטהאלטן זיך אין מײַן בוך, זאָלט איר זיך ניט אײַלן אָפּצולייקענען זיי, אײדער איר וועט זיך גוט אריינטראכטן. און אויב איר וועט אזוי טאָן, קאָן איך זײַן זיכער, אז איר וועט געניסן פון די פרוכטן פון די דאָזיקע ביימער, אזוי ווי איר האָט דאָס אליין געגארט".

אין ריינסבורג פארפאסט שפינאָזע זײַן ווערק — „די פרינציפן פון דעקארטס פילאָסאָפיע". די דאָזיקע „פרינציפן" שטעלן מיט זיך פאָר א ציקל לעקציעס, וועלכע שפינאָזע האָט געלייענט פאר איינעם א סטו-דענט קאזעאריוס. קיין גרויסע באדײַטונג האָט שפינאָזע דער דאָזיקער ארבעט ניט צוגעגעבן. די פרײַנט זײַנע האָבן אים אָבער געצוווּנגען, ער זאָל די לעקציעס פארעפנטלעכן. דאָס ווערק איז דערשינען אין אמסטערדאם

אין 1663 יאָר. שפּינאָזע באַגרענעצט דאָ זיין אויפגאַבע דערמיט, וואָס ער פאָרמולירט אין א געפרעסטער פאָרם די וויכטיקסטע געדאַנקען פון דעקאַרטס סיסטעם. די „פרינציפּן" האָבן געהאַט א גרויסן דערפאָלג און האָבן געשאַפן דעם אויטאָר זייער א גרויסע פּאָפּולאַריטעט.

אויסער די דערמאָנטע ווערק אַרבעט שפּינאָזע אין ריינסבורג איבער זיין טראַקטאַט „וועגן דער פאַרפולקומונג פונעם אינטעלעקט". צום באַדויערן, איז דאָס דאָזיקע וויכטיקע ווערק געבליבן ניט פאַרענדיקט. שפּינאָזע האָט זיך אין דעם דאָזיקן טראַקטאַט געשטעלט פאַר א ציל צו דערווייזן, אַז דאָס העכסטע גליק פונעם מענטשן איז דערקענונג. ער באַטראַכט דאָ איינציקע דערקענונגס-מיטלען און קומט צום אויספיר, אַז יענץ מיטל איז דאָס בעסטע, וואָס העלפט דעם מענטשן ניט נאָר צו דערקענען איינצלנע זאַכן און דערשיינונגען, נאָר די אַלוועלט אין-גאַנצן גענומען.

שפּינאָזעס פונדאַמענטאַל ווערק „עטיק", איבער וועלכן ער אַרבעט צוועלף יאָר, איז אויך פאַרטראַכט געוואָרן אין ריינסבורג.

זיין נאָמען ווערט אַלץ מער און מער באַוווּסט ניט נאָר דער האָ-לענדישער אינטעליגענץ, מיט זיין נאָמען פאַראינטערעסירן זיך פיל וועלט-געלערנטע פון דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. אין ריינס-בורג ווערט שפּינאָזע געקרוינט אַלס „דער פירשט פון די אַטעיִסטן". דער קרייז פון זיינע פריינט ווערט אַלץ ברייטער. עס קומט אהער צו פאָרן פון לאָנדאָן באַקענען זיך מיט דעם ריינסבורגער פילאָסאָף דער געלערנטער און דיפּלאָמאַט הענריך אָלדענבורג — דער סעקרעטאַר פון דער ענגלישער וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט. שפּינאָזע האָט געמאַכט אויף אָלדענבורגן א גוואַלדיקן איינדרוק. שפּעטער האַלטן זיי אָן א פאַרבינדונג דורך בריוו. עמעס, זייער פריינטשאַפט איז ניט געווען אין-גאַנצן אָפנהערציק, מאַכמעס אָלדענבורג איז ניט מאַסקים געווען מיט שפּינאָזעס אַטעיִזם. אין איינעם זיינעם א בריוו צו שפּינאָזען שרייבט ער, אַז ער באַנעמט ניט, וויאַזוי קאָן עס שפּינאָזע אַרויסטרעטן קעגן די אָנגענומענע פאָרשטעלונגען וועגן גאָט, וואָרעם דאָס רירט דאָך אָן די זיילן פונעם גלויבן.

מיט שפּינאָזען פאַרבינדט זיך אין רײַנסבורג דער געלערנטער חיוגענס, א באַוווּסטער אָפּטיקער, וועמען עס האָט, אגעוו, זייער אינטערעסירט דעם פילאָסאָפס מײַסטערשאַפט אלס גלאָז-שלײַפער. ווי עס איז באַוווּסט, האָט שפּינאָזע היפּשע יאָרן זיך לײַדנשאַפטלעך באַשעפטיקט מיט דער קונציקער מעלאָכע פון שלײַפן גלעזער, אין וועלכער ער האָט געהאַט ניט אזוי א מאַטעריעלן ווי א וויסנשאַפטלעכן אינטערעס.

אין אַפּרעל 1663 יאָר פאַרלאָזט שפּינאָזע רײַנסבורג און פאָרט אריבער קיין וואָרבורג, א שטעטעלע, ניט ווײַט פון האַאַג. אין דעם דאָזיקן שטעטעלע פאַרברענגט שפּינאָזע זעקס יאָר. לעכאַטכילע האָט ער זיך געפילט אין וואָרבורג איינזאַם, נאָר זײַנע פרײַנט פאַרלאָזן אים ניט אויך דאָ. כוץ דעם באַקומט ער נײַע פרײַנט און איבערגעגעבענע פאַרערער.

איינער פון זײַנע פרײַנט און אָפטע באַזוכער אין וואָרבורג איז געווען יאַן דע-וויט, אַן אָנגעזעענע פּאָליטישע פיגור אינעם דעמלטיקן האָלאַנד, וועלכער איז פון 1653 יאָר געווען דער אָנפירער פון דער האָלענדישער רעפּובליק. דע-וויט איז געווען באַוווּסט אלס אנטשיידענער קעגנער פון מאָנאַרכיזם און איז געווען געשטימט פרײַדענקעריש. אונטער זײַן ווירקונג טאַקע לייגט שפּינאָזע אָפּ אָן א זײַט די אַרבעט איבער דער „עטיק" און פאַרפאַסט זײַן טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט. ווען די מאָנאַרכיסטישע עלעמענטן אין לאַנד צוזאַמען מיט די גײַסטלעכע האָבן דע-וויטן אומגעבראַכט, איז שפּינאָזע אַרויסגעטראָטן מיט א פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ער האָט געשריבן: „אָ, איר, די נידעריקסטע ברוים צווישן די באַרבאַרן".

שפּינאָזעס פילאָסאָפיש-וויסנשאַפטלעכע טעטיקײַט איז, ווי עס איז צו זען, געווען ענג פאַרבונדן מיט די פּראָגרעסיווע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען פון זײַן צײַט.

דעם טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט פאַרענדיקט שפּינאָזע אין 1668 יאָר. אין דער דאָזיקער אַרבעט ווײַזט ער אויף, אַז די מעלוכע דאַרף אָפּגעטיילט ווערן פון דער רעליגיע, און מע מוז זיך דערוווּרבן דאָס רעכט „פרײַ צו פילאָסאָפירן און צו זאָגן, וואָס מע וויל".

מיט דעמ דאָזיקנ ווערק האָט שפּינאָזע דערלאנגט א טויט-קלאפּ דער מאכט פונ רעליגיע. אָבער ארויסגעבנ עס איז געווענ געפערלעכ אפילע אינ די באדינגונגענ פונעמ „פרייַענ” האָלאנד. שפּינאָזע איז געווענ געצוווּנגענ אָפּצודרוקנ דעמ דאָזיקנ בוכ אנאָנימ, כאָטש די טיפקייַט אונ די קראפט פונעמ ווערק האָבנ אונטערגעזאָגט דעמ נאָמענ פונעמ אווטאָר.

ווענ דער טראקטאט איז ארויס פונ דרוק (שפּינאָזע האָט שוינ דאנ געלעבט אינ האאג — דעמ פּאָליטישנ אונ קולטורעלנ צענטער פונעמ דעמלטיקנ האָלאנד), האָט דאָס געמאכט דעמ אייַנדרוק פונ א קאָלאָסאלנ אופרייַס. וועגנ דער אופרייַס-קראפט פונעמ טעאָלאָגיש-פּאָליטישנ טראקטאט קאָנ מענ אורטיילנ לויט דעמ קאצניאָמער, וואָס די גייַסטלעכע פונ אלע רעליגיעס האָבנ אופגעהויבנ קעגנ דעמ דאָזיקנ בוכ. דאָס ווערק, וואָס האָט מיט אייַזערנער לאָגיק אונ טיפער ערודיציע אונטערגעריסנ דעמ גלויבנ אינ גאָט אונ אינ דער געטלעכקייַט פונ דער ביבל, האָט פיל שאָדנ געבראכט דער רעליגיע אונ אירע דינער. די גייַסטלעכע האָבנ דעמ דאָזיקנ טראקטאט אָנגערופנ: „שענדלעכע דיווערסיע”, „געפערלעכער סאמ” אדג. דער טעאָלאָג לימבארכ האָט זיכ אזוי אָפּגערופנ וועגנ דעמ טראקטאט: „איכ קאָנ זיכ ניט דערמאָנענ, אז איכ זאָל ווענ-עס-איז האָבנ געלייענט אזא שעדלעכנ בוכ; ער לאכט אויס די נעווייִמ אונ די אפּאָסטאָלנ. לויט אימ זייַנענ קיינמאָל קיינ ניסימ ניט געשענ. עס איז דאָ נאָר א פאטומ, אונ אפילע גאָט איז פונ אימ אָפּהענגיק... אזעלכע מענטשנ אטאקירנ ניט נאָר דעמ אָדער יענעמ איקער פונ דער עמונע, נאָר די נעשאָמע פונ דער רעליגיע גופע”. א צווייטער טעאָלאָג האָט וועגנ שפּינאָזעס טראקטאט געשריבנ אזוי: „...זאָל צעשמעטערט ווערנ דער העכסט פארדאָרבענער אונ שוידערלעכער בוכ איבער דער פרייַהייַט פונ פילאָסאָפירנ... דער בוכ, וואָס רופט ארויס דעמ צאָרנ פונ געטער אונ מענטשנ”. די קירכע האָט זיכ אירס דערשלאָגנ — דעמ טראקטאט האָט מענ קאָנפיסקירט אונ פארברענט. אונ אינ 1674 יאָר איז ארויס א ספּעציעלער דעקרעט, אינ וועלכנ עס איז געזאָגט געוואָרנ, אז „עס ווערט אפ לעהאבע אמשטרענגסטנ פארבאָטנ

אַלעמען און יעדערנ באַזונדער אַזוינע און ענלעכע ביכער צו דרוקנ, פאַרשפרייטנ און פאַרקויפנ"...

אינ האַאַג האָט שפינאָזע פאַרגעזעצט זײַנ באַשיידענעמ אַרט לעבנ פונ א מעסירעסנעפעשדיקנ געלערנטנ דענקער. ער האָט זיכ אָפּגעדונגענ א צימער אינ דער דירע פונעמ מאָלער וואַנ דע-ספּיק, און דאָ האָט ער פאַרענדיקט זײַנ „עטיק". אינ האַאַג שאַפט ער זיכ אײַנ א גרויסע ביבליאָטעק, וועלכע וואַרפט א שײַנ אָפּ זײַנ קאָלאָסאַלער ערודיציע. אינ זײַנ ביבליאָטעק זײַנענ געווענ ביכער איבער פילאָסאָפיע — דער אַנטיקער, מיטלאַלטערלעכער, נײַער, ביכער איבער פיזיק, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, געשיכטע, מעדיצינ, מעכאַניק, רעכט און טעאָלאָגיע. אַלע געביטנ פונ דער מענטשלעכער דערקענונג זײַנענ געווענ אינ קרײַז פונ זײַנע וויסנשאַפטלעכע אינטערעסנ. ער האָט זיי דערלערנט, קריטיש באַאַרבעט און געריכטעט פאָרויס. אינ שפּינאָזעס ביבליאָטעק האָט מענ געפונענ ביכער אינ זייער פיל שפראַכנ — אינ העברייִש, גריכיש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, האָלענדיש, שפּאַניש, לאַטײַנ. די דאָזיקע אַלע שפראַכנ זײַנענ שפּינאָזענ געווענ ניט פרעמד, אייניקע פונ זיי (העברייִש, לאַטײַנ, האָלענדיש) האָט ער געקענט גלענצנד.

אינ 1673 יאָר האָט דער פראָפעסאָר פונ דער היידעלבערגער אַקאַדעמיע לודוויג פאַבריציוס אינ נאָמענ פונ דעמ פפאַלצער קורפירשט פאָרגעשלאָגנ שפּינאָזענ צו פאַרטרעטנ די וואַקאַנסיע פונ פראָפעסאָר פונ פילאָסאָפיע אינ היידעלבערגער אוניווערסיטעט, דערבײַ האָט מענ אימ צוגעזאָגט די פרײַהײַט פונ פילאָסאָפירנ, עמעס, אויב ער וועט מיט דער דאָזיקער פרײַהײַט „ניט מיסברויכנ, קעדיי כאָרעוו צו מאַכנ די עפנטלעכ אָנערקענטע רעליגיע". שפּינאָזע האָט זייער העפלעכ און ווי אַנ עכטער דיפּלאָמאַט דעמ דאָזיקנ פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפנ. אינעמ ענטפערבריוו שרײַבט שפּינאָזע: „ווענ איכ וואָלט פאַרלאַנגט אָנצונעמענ אינ וועלכנ עס איז פאַקולטעט פראָפעסור, וואָלט מײַנ איינציקער ווונטש געווענ אָנצונעמענ די, וואָס דער קורפירשט פונ פפאַלצ האָט מיר אָנגעבאָטנ... אַזוי אָבער, ווי איכ האָב ניט בעדייע צו פאַרטרעטנ אַנ עפנטלעכנ אַמט, קאָנ איכ זיכ ניט באַשליסנ אָנצונעמענ דעמ דאָזיקנ גלענצנ-

דיקנ פאָרשלאָג... ווײַל, ערשטנס, דענק איכ, אַז איכ וועל זיכ אופהערנ ווײַטער אָפצוגעבנ מיט פילאָסאָפיע, אויב איכ וועל זיכ פארנעמענ מיט לערנענ די יוגנט; אונ, צווייטנס, איז מיר ניט קלאָר, אינ וואָס פאר א גרענעצנ וועל איכ זיכ מוזנ האלטנ מיט דער דאָזיקער פרײַהײַט פונ פילאָסאָפירנ, קעדיי עס זאָל ניט אויסקומענ, אַז איכ וויל אונטערהײַסנ די עפנטלעכ אָנערקענטע רעליגיע".

שפינאָזע האָט זייער גוט פארשטאנענ, וואָס די אָפיציעלע פילאָסאָפיע פארשטייט אונטער „פרײַהײַט פונ פילאָסאָפירנ"... ניינ, שפינאָזע האָט ניט געקאָנט אָנ לײַדנשאפט, אָנ אופריכטיקײַט, אָנ קלאָרקײַט ארויסזאָגנ זײַנ פילאָסאָפישנ עמעס. דעריבער ענדיקט ער דעמ בריוו זײַנעמ מיט די ווערטער, אַז ער האָט קלוימערשט „ליב רויִקײַט", אונ די דאָזיקע רויִקײַט איז אימ ביז גאָר נייטיק, קעדיי צו פארענדיקנ זײַנ „עטיק".

אינ דעמ זעלבנ יאָר לייגט מענ שפינאָזענ פאָר אינ נאָמענ פונעמ פראנצויזישנ קיניג א שטענדיקע פענסיע, אויב ער וועט אימ ווידמענ זײַנע ווערק. שפינאָזע בלײַבט טרײַ זיכ אליינ אונ ענטפערט: „מײַנע ווערק ווידמע איכ בלויז דעמ עמעס".

אינ האאג פאָרט אָפ א באזוכ צו שפינאָזענ דער גרויסער דײַטשישער פילאָסאָפ לייבניצ. לייבניצ איז געשטאנענ אָפ פרינציפּיעל קעגנזעצלעכע פאָזיציעס ווי שפינאָזע. בײַס דער דאָזיקער באגעגעניש האָבנ געמוזט פאָרקומענ הייסע דיסקוסיעס צווישנ די בײדע פילאָסאָפנ. צומ באדויערנ, זײַנענ זיי אינ ערגעצ ניט פארפיקסירט געוואָרנ. אנ אינטערעסאנט בילד וואַרפט אָנ דער היסטאָריקער פונ פילאָסאָפיע האָמפערצ, ווי ער מאָלט זיכ אויס די מערקווירדיקע באגעגעניש, וואָס איז פאָרגעקומענ הארבסט 1676 יאָר בא שפינאָזענ אינ זײַנ איינזאמענ צימער:

„אינ דרויסנ, אָפ די גאסנ אונ אָפ די פלעצער פונ דער גרינסרײַכער שטאָט שפילט זיכ דער הארבסט-ווינט מיט פארגעלבטע בלעטער. אינווייניק אינ דער שטילער הינטער-שטוב... צוויי מענטשנ אינ אנ ערנסטנ אונ אײַפעריקנ דיאַלאָג. איינער פונ זיי איז פארפוצט אינ פײַנע

רײַזע-קלײדער לױט דער לעצטער מאָדע. דאָס אױסגעצערטע קראַנקע
לײַב פֿונעם צװײטן, דעם „גאָט אָדער נאַטור״-איבערגעגעבענעם כאָכעם,
איז באַדעקט מיט אַ באַשײדענעם מאַלבעש. עס שװעבן שױן אַרום אים
די שאָטנס פֿון טױט... עס איז דאָך געבליבן אינגאַנצן פֿיר כאַדאָשים
פֿונעם ערדישן לעבן. אָבער פֿרײדיק רוען זײַנע קלאָרע און מילדע
אױגן אונטער די צװײַגן-ברעמען אױף דעם פּרעמדן באַזוכער, װאָס באַ-
מיט זיך באַ יעדער געלעגנהײַט צו געװינען זײַן האַסקאָמע״... האַמ-
פּערץ פֿאַרענדיקט זײַן שילדערונג אַזױ: „אַ שאָד, װאָס שפּינאָזעס
באַלעבאָס, דער ערלעכער מאָלער װאַן דע-ספּיק, האָט די דאָזיקע סצע-
נע ניט אונטערגעקוקט און ניט איבערגעלאָזט פֿאַר די קומענדיקע דױ-
רעס אַ טרײַע קאָפּיע. אָבער האָט דען דער דאָזיקער מאַן געקענט
אַפּילע דערשמעקן, אַז אין יענער שאָ זײַנען אונטער זײַן באַשײדענעם
דאַך געשטאַנען אױג אױף אױג אײנע קעגן דער אַנדערער צװײ טקו-
פֿעס פֿון דער מענטשלעכער אַנטװיקלונג, און אַז עס האָט מערקװירדיק
פּאַסירט, אַז די עלטערע טקופֿע איז געװען פֿאַרקערפּערט אין דער גע-
שטאַלט פֿון דעם ייִנגערן, און די ייִנגערע טקופֿע האָט אין דעם עלטערן
דענקער איר טיקן געפֿונען״.

אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט
שפּינאָזעס הײסער אָטעם זיך אױף אײביק אָפּגעריסן. פֿינף און פֿערציק
יאָר בלױז האָט שפּינאָזע געלעבט. דעם 21 פֿעװראַל 1677 יאָר איז
באָרוך שפּינאָזע געשטאָרבן.

אױסער די אױבן אױסגערעכנטע װערק האָבן שפּינאָזעס פֿרײַנט גע-
פֿונען צװישן די מאַנוסקריפּטן אױך דעם ניט-פֿאַרענדיקטן „פּאָליטישן
טראַקטאַט״ און אַ „קורצע העברײיִשע גראַמאַטיק״, װעלכע זײ האָבן
אַרױסגעגעבן באַלד נאָך זײַן טױט.

„אַ מױעך, װאָס האָט אַזױ אַנטשײדן אױף מיר געװירקט און װאָס
האָט נאָך געזאָלט האָבן אַזאַ גרױסע װירקונג אױף מײַן גאַנצן אַרט
דענקען — איז געװען שפּינאָזע״. אונטער די דאָזיקע װערטער פֿון דעם
גרױסן גײטע װאָלט זיך געקאָנט אונטערשרײַבן אַ גאַנצע פּלעיאַדע
גרױסע שעפֿער פֿונעם מאַטעריאַליזם און מעסירעסנעפֿעשדיקע קעמפֿער

פאר דער פרײַהײַט פון געדאנק און פארנונפט אין XVIII און XIX יאָר-הונדערטער.

דידראָ און העלוועצי, לעסינג און געטע, היינע און פייערבאך — אָט דאָס איז א קורצע רעשימע נעמען פון די גיגאנטן, אף וועמען שפינאָזע האָט געהאט אן אומיטלבארע ווירקונג.

די קראפט פון שפינאָזעס ווירקונג אף די שפעטערדיקע דורות האָט דײַטלעך אויסגעדריקט היינע:

„באם לייענען שפינאָזען נעמט אונדז ארום אזא געפיל, ווי באם באטראכטן די גרויסע נאטור אין איר אויסערסט-באלעבטער רויִקײַט. דאָס איז א וואלד פון געדאנקען הויכע, ווי די הימלען, פון געדאנקען, וועמענס בליִענדיקע קרוין-שפיצן עס וויגן זיך אזוי ווי כוואליעס, בײַס די ניט-וואקלבארע שטאמען זייערע גלידערן די וואָרצלען אין דער אייביקער ערד. פון שפינאָזעס ווערק... ווייעט די לופט פון דער צוקונפט". און אין אן אנדער אָרט: „אלע אונדזערע הײַנטצײַטיקע פי-לאָסאָפן זעען די וועלט דורך די ברילן, וואָס באָרוך שפינאָזע האָט געשליפן — עפשער אָפטמאָל ווייסן זיי ניט דערפון".

העכער הונדערט יאָר האָט מען שפינאָזען פארשוויגן. א לאנגע צײַט האָט מען שפינאָזען טרעטירט, לויט לעסינגס אויסדרוק, ווי „א געפייגערטן הונט". שפינאָזע איז מיט א קאָפּ א גאנצן געשטאנען העכער פון זײַן עפּאָכע. ער האָט באפרײַט דעם מענטשלעכן געדאנק פון מיסטיק און רעליגיעזע אָבערגלויבענישן. דעריבער האָט זײַן צײַט אים אזוי שטארק גערוידעפט. און דעריבער טאקע האָט די הײַנט-צײַטיקע בורזשואזיע, וואָס שפײַזט זיך מיט דעם אידעאליסטיש-מיסטישן אָפּפאל פון די מאָדערנע פילאָסאָפירנדיקע אָבסקוראנטן, א צווייט מאָל „פארשאָלטן" שפינאָזען.

שפינאָזע, שפינאָזיזם געהערט דער רעוואָלוציאָנערער און פּראָגרע-סיווער מענטשהײַט, געהערט אין דער ערשטער ריי דעם ארבעטער-קלאס פונעם לאנד פון סאָציאַליזם. דער ארבעטער-קלאס, וואָס איז באוואָפנט מיט דער גרויסער לערע פון מארקסיזם-לענינגיזם, איז דער אײנציקער קלאס, וואָס קאָן געבן און גיט די ריכטיקע אָפּשאצונג פון

יעדנ גרויסנ דענקער, וועלכער האָט געשטויסנ פאָרויס דעמ מענטשלעכנ געדאנק. בענעגייע שפינאָזענ באַדייַט עס, אַז נאָר אינעמ ראטנפארבאנד קאָנ ריכטיק פארשטאנענ ווערנ זייַנ פילאָסאָפישע סיסטעמ, קאָנ געגעבנ ווערנ די ריכטיקע אָפשאצונג פונ זייַנ לערע.

## II. שפינאָזעס ביבל־קריטיק

שפינאָזע איז דער פאָטער פונ דער הייַנטצייַטיקער וויסנשאפטלעכער ביבל-קריטיק. פייערבאכ, וועלכער האָט זייער הויכ געשעצט שפינאָזעס פילאָסאָפיע, האָט אָנגערופנ שפינאָזענ — דער מוישע פונ די פרייַדענקער. שפינאָזע האָט דעמ דאָזיקנ נאָמענ פארדינט, וואָרעמ ער איז געווענ דער ערשטער, וואָס האָט אראָפגעריסנ די הייליקע קליידונג פונ דער רעלי-גיעזער פעסטונג — פונ דער ביבל. דער קריטיק פונ דער ביבל האָט שפינאָזע געווידמעט א ספעציעל ווערק — „דער טעאָלאָגיש-פאָליטישער טראקטאט”.

שפינאָזע איז צוגעטראָטנ צו דער ארבעט איבער זייַנ טראקטאט, זייַענדיק שוינ א רייַפער פילאָסאָפ, האָבנדיק שוינ גענוי באטראכט זייַנ פילאָסאָפישע סיסטעמ. אינ דעמ דאָזיקנ טראקטאט האָבנ מיר דעריבער ניט בלויז ביבל-קריטיק, נאָר גלייַכצייַטיק דעמ אויסלייג פונ די גרונט-פרינציפנ פונ זייַנ פילאָסאָפיע, וואָס מיט זייער הילפ פאסט ער אופ אונ דערקלערט די ביבל-מאטעריאלנ אפ זייַנ, שפינאָזישנ, אויפנ.

שפינאָזע לערנט, אַז די וועלט איז די אורזאכ פונ זיכ זעלבסט. אויב די וועלט, די נאטור איז די סיבע פונ זיכ זעלבסט, הייסט עס, אַז גאָט, ווי א באשעפער פונ דער נאטור, איז ניט מער, ווי א רעליגיעזע אויסטראכטעניש אונ א פארקריפלונג פונעמ פארנונפט. די נאטור איז גאָט. די נאטור, וועלכע איז די סיבע פונ זיכ זעלבסט, די נאטור, וועלכע איז געזעצמעסיק אונ די דערשייַנונגענ אירע זייַנענ אורזאכלעכ באדינגט, דערלאָזט ניט איבער זיכ קיינ שומ איבערנאטירלעכע קראפט, זי אלייַנ איז גאָט. נאטור-גאָט איז די סובסטאנצ, דער מעהוס פונ דער אָביעקטיווער רעאלער ווירקלעכקייַט. כאראקטעריסטיש, אַז שפינאָזע האָט

עטלעכע מאָל עפנטלעכ דערקלערט, אז ער איז ניט קיינ אטעיִסט; פארקערט, ער האָט אינ אטעיִזמ באשולדיקט די, וועלכע דערלאָזנ דעמ געדאנק, אז די נאטור אונ גאָט איז ניט איינס אונ דאָס זעלבע, אז די געזעצנ פונ דער נאטור זײַנענ ניט די זעלבע, וואָס די געזעצנ פונ גאָט. ער שרײַבט: „אויב אינ דער נאטור וואָלט פאָרגעקומענ עפּעס אזוינס, וואָס דרינגט ניט ארויס פונ אירע געזעצנ, וואָלט דאָס אומבאדינגט ווידערשפּראָכנ דעמ סיידער, וועלכנ גאָט האָט אָפּ אייביק אײַנגעשטעלט אינ דער נאטור מיט דער הילפ פונ די אלגעמיינע געזעצנ פונ דער נאטור, אונ אזויארומ וואָלט דאָס געווענ קעגנ דער נאטור אונ אירע געזעצנ; דאָס וואָלט אונדז געצווּנגענ צו צווייפלענ אינ אלצ אונ וואָלט אונדז דערפירט צו אטעיִזמ“ („טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראקטאט“). א מערקווירדיקע דערקלערונג פונ דעמ, וואָס איז אזוינס אטעיִזמ! דאָס איז, ווי צו זענ, בלויז א מיטל אויסצובאהאלטנ זיכ, אלס עכטער אטעיִסט, פונ די ווילדע אונ צעיושעטע אָבסקוראנטנ, אָבער דער עמעסער יאָדער פונ דעמ איז, אז דער רעליגיעזער גאָט, ווי אויכ די רעליגיע אינגאנצנ גענומענ, איז פּארקריפּלונג פונעמ פארנונפט, ריכטיקער, א רעזולטאט פונ שרעק, וועלכע דערפירט דעמ מענטשנ צו אָנמאכט, אונ אינ דעמ דאָזיקנ צושטאנד פארווטײלט דער מענטש אי סייכל אי פארנונפט אונ קומט אָנ צו דער הילפ פונ אָבערגלויבעניש. „שרעק איז די סיבע, איבער וועלכער אָבערגלויבעניש קומט, היט זיכ אײַנ אונ האלט זיכ אופ!“ (דאָרט). דעריבער האָט, לויט שפּינאָזענ, דער קאמפ קעגנ רעליגיע אינ סאכאקל דעמ ציל צו באפרײַענ דעמ פארנונפט פונ אָבערגלויבעניש.

אייניקע פילאָסאָפנ ביז שפּינאָזענ האָבנ נאָכ אלצ באהויפּט, אז עס עקזיסטירט א צווייענדיקער עמעס, אז עס זײַנענ פאראנ צוויי דערקענונגס-געביטנ — פילאָסאָפיע אונ רעליגיע. שפּינאָזע דערלאָזט נאָר איינ עמעס, ער קעמפט פאר דער באהויפּטונג, אז עס איז פאראנ איינ דערקענונגס-געביט — די פילאָסאָפיע. די פילאָסאָפיע, אונ נאָר די פילאָסאָפיע דערקענט ריכטיק דעמ גאנצנ ארומ, אלע פיזישע אונ גײַסטיקע דערשײַנונגענ, אונ דעריבער איז זי די איינציק ריכטיקע מאָס פונ זאכנ. אונ די ערשטע אופגאבע, וואָס שפּינאָזע שטעלט פאר זיכ אינעמ

טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט, איז — אַרויסרײַסן דעם פּאַרנונפט פון די רעליגיעזע פּענטעס, געבן אים די געהעריקע פילאָסאָפישע שפּײַז, פאַר-וואַנדלען אים אין דעם אייגנציקן אורטיילער פון דער אָביעקטיווער רעא-ליטעט און אין דעם העכסטן אויטאָריטעט פון דער דערקענונג. „צווישן דעם גלויבן אָדער טעאָלאָגיע און דער פילאָסאָפיע איז קיין שום פאַר-בינדונג אָדער קיין שום קרויוועשאַפט ניט פאַראַן... דער ציל פון דער פילאָסאָפיע איז דאָך נאָר דער עמעס, פונעם גלויבן, ווידער, — נאָר גע-האָרכזאַמקײַט און רעכטפאַרטיקײַט" (דאָרט).

די פילאָסאָפיע און די רעליגיע זײַנען, לויט שפּינאָזען, צוויי אַנ-טיפּאָדן, צוויי קעגנזאַצן: די פילאָסאָפיע שטרעבט צו דערגרייכן דעם עמעס, זי באַפרײַט דעם פאַרנונפט, ווײַל נאָר דער פרײַער פאַרנונפט איז אימשטאַנד צו באַנעמען, באַזיניקן דעם עמעס; און די רעליגיע, פאַרקערט, האָט פאַרגוואַלדיקט און פאַרקלאַמערט דעם פאַרנונפט, הייסט אים זײַן אונטערטעניק, און דאָס פירט קיינמאָל ניט צום עמעס. די רעליגיע און אירע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אָפּ זיך גענומען די ראָ-ליע פון אַפּעטראָפּסים איבערן פאַרנונפט, האָבן פאַקטיש געשאַפן די באַדינגונגען, בא וועלכע פערזענלעכע איבערצײַגונגען זײַנען דערשטיקט און די מענטשלעכע פערזענלעכקײַט באַגרענעצט. אויב עס איז מעגלעך אַזאַ לאַגע אין מאָנאַרכיסטישע מעלוכעס, ווו מיט דער הילף פון דער רעליגיע האָט מען אײַנגערעדט דעם האַמוין פאַרערן די קייסאָרים ווי געטער, איז „אָבער אין אַ פרײַער רעפּובליק אַזוינס ניט דענקבאַר... ווײַל שטיקן די פרײַהײַט פון געדאַנק פון יעדן מענטשן מיט דער הילף פון אָבערגלויבענישן אָדער אַפּ אַן אַנדער אויפן ווידערשפּרעכט אַבסאָ-ליוט דער אַלגעמיינער פרײַהײַט" (דאָרט).

אָט פאַרוואָס די צווייטע אויפגאַבע, וואָס שפּינאָזע שטעלט פאַר זיך אינעם טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט, איז — אָפּנעמען בא דער קירכע איר מאַכט, דערלאָזן אַ פרײַען קאַמף צווישן פאַרשיידענע מיי-נונגען און אָפּטיילן די מעלוכע פון דער רעליגיע. די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע אויפגאַבן זײַנען צווישן זיך ענג פאַרבונדן, און דערלייזט ווערן, מיינט שפּינאָזע, קאָנען זיי דאַן, ווען פון דעם גרונט-ווערק פון

דער רעליגיע — פונ דער ביבל וועט אראָפגעריסנ ווערנ דער הייליקער מאנטל. דאנ וועט די רעליגיע ניט האָבנ קיינ הייליק-אומבארירלעכנ אווטאָריטעט, אונ זי וועט, אזויארום, אָנגווערנ די מאכט איבערנ פארנונפט אונ אויכ איר געזעלשאפטלעכ-פאָליטישע מאכט. דעריבער פארנעמט אינעם טעאָלאָגיש-פאָליטישנ טראקטאט די קריטיק פונ דער ביבל דאָס צענטראלע אָרט.

פונ וואָס הייבט שפינאָזע אָנ, וויאזוי גייט ער צו צו דער קריטיק פונ דער ביבל אונ אינ וואָס באשטייט די דאָזיקע קריטיק?

אינ קאמפ פאר א מאטעריאליסטישער וועלט-אָנשויונג האָט זיכ שפינאָזע געשטיצט אפ די פאָרגעשריטענע פילאָסאָפישע סיסטעמענ פונ זיינ צייט. בעקאָנ, האָבס, דעקארט קאָנענ גערעכנט ווערנ אלס פאָרגייער פונעמ שפינאָזיזמ. וואָס איז אָבער שייכ דער ביבל, האָבנ די דאָזיקע פילאָסאָפנ, ניט געקוקט דערופ, וואָס זיי זיינענ גאנצ שארפ אונ אָפט ארויסגעטראָטנ קעגנ דער רעליגיע, גאָרניט געזאָגט. עמעס, בא האָבסנ נאָר געפינענ מיר אינ „ליוויאָסנ" די ארויסזאָגונג, אז דער כומעש, וועלכער הייסט „מוישעס פינפבוכ", טראָגט מוישעס נאָמענ נאָר דערפאר, ווייל דאָרט ווערט דערציילט וועגנ דעמ לעבנ אונ די טאטנ פונ א העלד מיט דעמ נאָמענ מוישע. אינדערעמעסנ אָבער איז דער כומעש אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ א סאכ א שפעטערדיקער עפאָכע נאָכ מוישענ. ענלעכס דערצו האָט ארויסגעזאָגט אויכ אוריעל אקאָסטע. כוץ די דאָזיקע וויכטיקע באמערקונגענ, האָבנ שפינאָזעס מאטעריאליסטישע פאָרגייער זיכ ניט פארנומענ מיט דער קריטיש-וויסנשאפטלעכער דערקלערונג פונ יענעמ ווערק, וואָס איז פונ די טעאָלאָגנ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א הייליקייט-סייפער אונ אינ דעמ יעסאָד פונ אלע רעליגיעס, ניט נאָר פונ דער יידישער.

מיט דער אויסטייטשונג אונ דערקלערונג פונ דער ביבל האָבנ זיכ ביז שפינאָזענ פארנומענ די טעאָלאָגנ, אונ אינ דער ערשטער ריי די יידישע טעאָלאָגנ. בא זיי, בא די יידישע טעאָלאָגנ, האָט שפינאָזע קינדווייז זיכ געלערנט כאָכמע, בא זיי האָט ער שפעטער געפונענ שטאָפ פאר זיינ זעלבשטענדיקער ביבל-קריטיק, אונ קעגנ זיי האָט ער געפירט

אן אנטשיידענעם קאמף. צוויי יִדישע טעאָלאָגן האָבן באזונדערס באַ־ווירקט שפינאָזען: איינער, וועמענס מעטאָד עס איז אים אויסגעקומען צו באקעמפן און אָפּוואַרפן, דער צווייטער, וועמענס ארויסזאָגונגען האָבן געדינט שפינאָזען פאר אן אויסגאנג־פונקט צו זיין אייגענער קריטיק פון דער ביבל. מיר האָבן אין זינען דעם ראמבאם (מיימאָניד) און איבן-עזרע.

דער ראמבאם (1135—1204) איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטלאלטערלעכע פילאָסאָפן און טעאָלאָגן. ער האָט זיך געשטעלט פאר א ציל צו פאראייניקן די טעאָלאָגיע מיטן אריסטאָטעליזם[1]. דער ראמבאם האָט געפרוווט דערוויזן, אז ראציאָנאליזם און געטלעכע נעוווע שטימען צווישן זיך. נאָך מער, אז דער אריסטאָטעליזם איז איינס פון די וויכ־טיקסטע מיטלען צו באזייניקן און אויסטייטשן די הייליקע שריפטן. מע מוז באמערקן, אז דער ראמבאם האָט, פונקט ווי אלע סכאָלאסטן פונעם מיטלאלטער, אריסטאָטעלס פילאָסאָפיע געפעלשט, ארויסווארפנדיק פון איר די פרישע, לעבעדיקע שפראָצונגען פון דער דיאלעקטיק, די וואקלונגען צווישן דעם מאטעריאליזם און אידעאליזם, דעם גלויבן אין דער קראפט פונעם פארנונפט.

דער פראגע וועגן דער אידענטישקייט — דער זעלביקייט פון נעוווע און פילאָסאָפיע (געמיינט אריסטאָטעלס פילאָסאָפיע), פון ראציאָ און געט־לעכער אנטפלעקונג ווידמעט דער ראמבאם דאָס גרונט-ווערק פון זיין ליטעראַרישער שאפונג — דעם „מורה נבוכים" — „דער לערער פון די פארב־לאָנדזשעטע". דער ראמבאם שטעלט זיך פאר א ציל צו פארוואנדלען די פילאָסאָפיע אין א דינסט פון דער רעליגיע, ווייל לויט אים זיינען די קלוימערשטיקע ווידערשפרוכן צווישן דער ביבל און דער פילאָסאָ־פיע א רעזולטאט פון דעם, וואָס מע טייטשט שלעכט אויס די טוירע. די שפראך פון דער טוירע דארף מען, לויטן ראמבאם, פארשטיין ניט אין אייגנטלעכן זין, נאָר בלויז ווי א מיטל עפּעס-וואָס אויסצובאהאלטן, אָדער עפּעס-וואָס צו אנטפלעקן. די טוירע איז געגעבן פון גאָט, אָבער

1 אריסטאָטעל — א גרויסער פילאָסאָף פון אלט-גריכנלאנד.

איר פאַרבאָרגענעם אינהאַלט קאָן מען און דאַרף מען אויסטייַטשן ראַ-
ציאָנאַליסטיש, מיט דער הילף פון דער פילאָסאָפיע.

די פּרינציפּן פונעם אָנגעוויזענעם מעטאָד פירן דעם ראַמבאַם אַפּן
וועג פון אַלעגאָריע. דער ראַמבאַם זוכט שטענדיק אין דער ביבל דאָס,
וואָס פאַלט צונויף מיט זייַן שלעכט-פאַרשטאַנענער אַריסטאָטעלישער פי-
לאָסאָפיע. און אויב די ווערטער פון דער ביבל גייען זיך פאַנאַנדער
מיט דעם ראַמבאַמס סכאָלאַסטישער סכעמע, דאַן ווערן זיי פון אים ביז
גאָר פאַרגוואַלדיקט און קלינגען ווי אינגאַנצן אַפּסנייַ אָנגעשריבענע. אָט
פאַרוואָס דער „מורה נבוכים" האָט אַרויסגערופן גרויסע דערוויידערונגען
מיצאַד דעם ראַבאָניזם. ווי עס איז באַוווּסט, האָבן די ראַבאָנים גע-
צווונגען דעם ראַמבאַם אָנשרייַבן זייַן באַוווּסטן „אני מאמין" און שפּע-
טער, נאָך זייַן טויט, אין 1234 יאָר, האָבן זיי פאַרברענט זייַנע ווערק.
די דאָזיקע פאַקטן קאָנען אָבער ניט אָפּפרעגן דעם גרונט-אויספיר, אַז
דער ראַמבאַם, וועלכער איז געשטאַנען אַפּ די פּאָזיציעס פון אידעאַליזם
און סכאָלאַסטיק, איז וויַיטער פונעם טעאָלאָגישן באַנעם פון דער ביבל
דאָך ניט געגאַנגען.

און ניט צופעליק דעריבער איז שפּינאָזע זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן
קעגן דעם ראַמבאַם. „די, וואָס קאָנען ניט אָפּטיילן די פילאָסאָפיע פון
דער טעאָלאָגיע, — שרייַבט ער, — קריגן זיך איבער דעם, צי דאַרף די
ביבל דינען דעם פאַרנונפט צי, פאַרקערט, דער פאַרנונפט — דער ביבל,
דה. צי דאַרף דער זין פון דער ביבל צוגעפּאַסט ווערן צום פאַרנונפט,
אָדער, ווידער, דער פאַרנונפט צו דער ביבל. די לעצטע (מיינונג) ווערט
פאַרטיידיקט פון די סקעפּטיקער, וועלכע לייקענען אָפּ דעם אוטאָריטעט
פונעם פאַרנונפט, די ערשטע — פון די דאָגמאַטיקער... אָבער וועלכע פון
אָט די צוויי מיינונגען מיר זאָלן ניט נאָכפאָלגן, וועלן מיר אומפאַרמייַד-
לעך צעשטערן אָדער דעם פאַרנונפט, אָדער די ביבל... הייסט עס,
אי דער אי יענער (אי דער סקעפּטיקער אי דער דאָגמאַטיקער — ח. ב.)
וועלן זאָגן נאַרישקייַטן, דער ערשטער — אָן סייכל, דער צווייטער —
מיט סייכל" („טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט").

דעם ראַמבאַמס מעטאָד פון אויסטייַטשן די ביבל האַלט שפּינאָזע

פאַר אַ דאָגמאַטישן, ווײַל אין העסקעם מיט אַלע טעאָלאָגן, וועלכע האָבן אַרופגעלייגט זייער האַנט אַף דער ביבל, זעט דער ראַמבאַם אין איר אײַן ניט קיין מענטשלעכן דאָקומענט, נאָר אַ הייליק ווערק, וואָס איז דירעקט אָדער אומדירעקט (דורך מוישען און אַנדערע נעוויִים) אַנטפּלעקט געוואָרן די ייִדן פון גאָט. ווײַבאַלד די ביבל איז, לויטן ראַמבאַם, אַן אַנטפּלעקונג פון גאָט — יאַהווע, קאָן זי ניט זײַן ווידערשפּרעכיק דעם פאַרנונפט, דעריבער דאַרף יעדעס אָרט פון דער ביבל, וואָס ווידערשפּרעכט דעם פאַרנונפט, אויסגעטײַטשט ווערן אַנדערש. אַזוי, ווערן ביבלישע טעקסטן פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרבאָרגענער פאָרם פון אַריסטאָטעליש-פילאָסאָפישן אינהאַלט. „מער לעכערלעכס פון דעם, — באַמערקט שפּינאָזע — איז, — פאַר מיר יעדנפאַלס, — דוכט מיר, ניט פאַראַן" (דאָרט).

שפּינאָזע קאָן פאַר קיין פאַל ניט מאַסקים זײַן מיטן ראַמבאַם און קאָן אים ניט מויכל זײַן זײַן שטרעבונג צוצופּאַסן די ביבל צו דעם פאַרנונפט. אײַנזעענדיק, אַז דער ראַמבאַם איז דער ערשטער „צווישן די פּאַריסייען, וועלכע האָבן אָפן באַשטעטיקט, אַז די שריפטן דאַרפן צוגעפּאַסט ווערן צום פאַרנונפט", האָט שפּינאָזע דעם ראַמבאַמס מעטאָד אָנגערופן: שעדלעכער, אומנוצלעכער און ווילדער.

דעריבער איז לעכערלעך דער פרווו פון די ייִדישע און ניט-ייִדישע טעאָלאָגן און אידעאַליסטן צו שילדערן שפּינאָזען אַלס אַ טרײַען טאַלמיד פונעם ראַמבאַם. פאַרקערט, שפּינאָזעס אויספירן וועגן דעם ראַמבאַמס מעטאָד פון דער ביבל-קריטיק איז אַזאַ: „מײַמאָנידס מיינונג וואַרפן מיר אָפּ און באַשטעטיקן קאַטעגאָריש, אַז ניט די טעאָלאָגיע דעם פאַרנונפט, ניט דער פאַרנונפט דער טעאָלאָגיע זײַנען ניט מעכויעוו צו דינען, נאָר ביידע געוועלטיקן זיי איבער זייערע קיניגרײַכן, טאַקע נאָר אַזוי, ווי מיר האָבן געזאָגט: דער פאַרנונפט איבער דעם קיניגרײַך פון עמעס און כאָכמע, די טעאָלאָגיע — איבער דעם קיניגרײַך פון רעכטפאָרכטיקײַט און געהאָרכזאַמקײַט" (דאָרט).

פון שפּינאָזעס באַציִונג צום ראַמבאַם קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן זײַן אייגענע אָפּשאַצונג פון דער ביבל. נאָר איידער מיר טרעטן צו צו באַהאַנדלען שפּינאָזעס מעטאָד פון דער ביבל-קריטיק, איז נאָך נייטיק אָפּצו-

שטעלנ זיכ אפנ איבנ-עזרע, וועלכער האָט, ווי עס איז אויבנ אָנגעוויזנ, געהאט א גרויסע ווירקונג אפ שפינאָזעס זעלבשטענדיקע פרינציפנ אונ אויספירנ.

איבנ-עזרע (1092—1167) — א יידישער פילאָסאָפ, א פאָעט, א קאָמענטעטאָר פונ דער ביבל, האָט זייער פאָרזיכטיק אונ אינ א ביז גאָר פארנעפלטער פאָרמ דער ערשטער ארויסגעזאָגט דעמ געדאנק, אז דער כומעש איז ניט מוישעס כומעש. שפינאָזע סימפאטיזירט איבנ-עזרענ. ער רופט אימ אָנ פריידענקער אונ כאראקטעריזירט אימ אלס מענטשנ, וואָס באזיצט ערודיציע. אינ איבנ-עזרעס ביבל-קריטיק איז פאראנ אזא גרונטשטעל, געבויט אפנ ערשטנ פאָסעק פונ „דברים”: „אלה הדברים אשר דבר משה אל כל ישראל בעבר הירדן במדבר” (דאָס זיינענ די רייד, וואָס מוישע האָט גערעדט צו גאנצ יִסראָעל אפ יענער זייט יארדנ, אינ מידבער). דעמ דאָזיקנ פאָסעק קאָמענטירט איבנ-עזרע אזוי: „בעבר הירדן וג' ואם תבין סוד השנים עשר גם ויכתוב משה והכנעני אז בארץ בהר יהוה יראה גם הנה ערשו ערש ברזל תכיר האמת” („אפ יענער זייט יארדנ...” אאוו. אויב דו וועסט פארשטיינ דעמ סאָד פונ די צוועלפ, אויכ „אונ מוישע האָט פארשריבנ”, אונ „דער קנאאני איז דעמלט געזעסנ אינעמ לאנד”, „אפ דעמ בארג, ווו גאָט דערשיינט”, אונ אויכ „זע, זיינ בעט איז א בעט פונ אייזנ”, וועסטו דערקענענ דעמ עמעס).

שפינאָזע נעמט אפ זיכ צו דערקלערנ די דאָזיקע פארנעפלטע פאָרמול איבנ-עזרעס, וואָס באשטייט פונ פארשיידענע אָנהייבנ פונ פסוקימ אונ פונ זיינע אייגענע רעמאָזימ. מע האָט באדארפט האָבנ שפינאָזעס קאָלאָסאלע ערודיציע אונ שארפקייט פונ געדאנק, קעדיי די דאָזיקע פארשיפרירטע פאָרמול, וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ מיט פינפ הונדערט יאָר פאר אימ, ביז גאָר ריכטיק אונ טיפ דעשיפרירנ.

וואָס געפינט שפינאָזע איינ אינ איבנ-עזרעס פאָרמול?

א) דער שטעל: „אפ יענער זייט יארדנ” באווייזט, אז דער אווטאָר פונ „דברים” איז ניט מוישע, ווייל מוישע איז געבליבנ אפ דער זייט יארדנ אונ האָט דעריבער „דברים” ניט געקאָנט פארפאסנ.

ב) איבנ-עזרעס ווערטער: „אונ אויב דו ווילסט פארשטיינ דעמ סאָד

פון די צוועלף" מיינען די שטעלן פון דער ביבל: „וכתבת על האבנים את כל דברי התורה הזאת" (דברים, כ״ז, 8) און „ויכתב שם על האבנים את משנה תורת משה" (יהושע, ח, 32). לויט דער מיינונג פון די ייִדישע טעאָלאָגן איז מוישעס טוירע פאַרשריבן געוואָרן אַף צוועלף שטיינער. אָבער דאָס, וואָס מע קאָן פאַרשרייַבן אַף צוועלף שטיינער, שטימט ניט מיט דער גרייס פונעם כומעש!

ג) דער שטעל: „און מוישע האָט פאַרשריבן" (ויכתב משה את התורה — דברים, ל״א, 9). קלאָר, אַז די דאָזיקע ווערטער קאָנען מוישען ניט געהערן, נאָר דאַרפן געהערן אַ צווייטן שרייַבער, וועלכער דערציילט וועגן מוישען.

ד) דער שטעל: „און דער קנאַאני איז דעמלט געזעסן אינעם לאַנד" (בראשית, י״ב, 6) — דער, וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער וועגן אווראָמס באַזוך אין שכעם, גיט דערמיט אַרויס די צייַט, ווען זיי זייַנען געשריבן געוואָרן, דהײַ זיי זייַנען געשריבן געוואָרן נאָך מוישעס טויט, ווען דער קנאַאני איז פונעם לאַנד שוין געווען פאַרטריבן.

ה) דער שטעל: „יהוה יראה" („אַף דעם באַרג, וווּ גאָט דערשייַנט", בראשית, כ״ב, 14). מיט דעם דאָזיקן באַרג, האַלט שפּינאָזע, מיינט איבן-עזרע דעם באַרג מורייִאָ, אַף וועלכן אווראָם האָט זיך געקליבן ברענגען יִצכאָקן צו דער אַקיידע. דער דאָזיקער באַרג האָט אָבער געהייסן „יהוה יראה" נאָר דאַן, שרייַבט שפּינאָזע, ווען דאָרט איז שוין געווען דער טעמפּל, ס׳הייסט נאָך מוישעס טויט, און אַף דעם גיט עס אַ רע-מעז איבן-עזרע.

ו) דער שטעל: „זע, זייַן בעט איז אַ בעט פון אייַזן" (דברים, ג, 11) איז אַן אָנווייַזונג אַפן פּאָסעק: „נאָר אויג דער קיניג פון באַשאָן איז אַליין איבערגעבליבן פון די לעצטע ריזן; זע, זייַן בעט איז אַ בעט פון אייַזן, די בעט, וואָס געפינט זיך אין ראַבאַס, וואָס האָט געהערט צו די קינדער פון אַמוין". דער אויטאָר פון דעם דאָזיקן פּאָסעק, זאָגט שפּינאָזע, האָט געמוזט לעבן שפּעטער פון אויג מעלעך האַבאָשאָן, ס׳הייסט שפּעטער פון מוישען, וואָרעם אַפן סמאַך פון שמואל ב, י״ב, 26, 30 האָט מען די אייַזערנע בעט ערשט געפונען אין דאָ-

ווידס צייטן, ווען דאָוויד האָט באַקעמפט דעם קיניג פון ראַבאַס, פון די קינדער פון עמוין.

„דערמיט, ענדיקט שפינאָזע, האָבן מיר דערקלערט איבן-עזרעס גע־דאַנק, ווי אויך די ערטער פונעם כומעש, וועלכע ער האָט געבראַכט, קעדיי צו באַשטעטיקן זיין געדאַנק".

די לעצטע ווערטער פון איבן-עזרעס פאָרמול — תכיר האמת — ס'הייסט, אויב דו וועסט זיך אין דעם פאַנאַנדערקלייבן, וועסטו דערגיין דעם עמעס, — זיינען ווי וועגן שפינאָזען אליין געשריבן געוואָרן, ווייל ער איז דער ערשטער, וועלכער האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן און באַנומען דעם טיפן, כאָטש פאַרנעפּלטן געדאַנק איבן-עזרעס וועגן דער ערדישער אָפּשטאַמונג פונעם כומעש און געמאַכט דערפון די געהעריקע אויספירן.

אָפּוואַרפנדיק דעם ראַמבאַמס טעאָלאָגישן צוגאַנג צו דער ביבל און אַרויסגייענדיק פון איבן-עזרעס אָנווייזונגען, לייגט שפינאָזע פאָר פאַר זיין צייט א ביז גאָר אינטערעסאַנטן און וויכטיקן מעטאָד פון דער־קלערן די ביבל מיט דער הילף פון די ביבל-טעקסטן זעלבסט. צוטרעטנ־דיק צום דערקלערן די ביבל, מאַכט שפינאָזע א פאַרגלייך צווישן איר און דער נאַטור, קעדיי צו זאָגן: אזוי ווי די נאַטור קאָן דערקענט ווערן נאָר דורך זיך זעלבסט, דאַרף אויך די ביבל דערקענט ווערן נאָר דורך זיך זעלבסט. און אויב די דורך זיך זעלבסט דערקענטע נאַטור איז די געשיכטע פון דער נאַטור, הייסט עס, אז אויך די דערקענונג פון דער ביבל דאַרף באַשטיין אין אופשטעלן איר אייגענע געשיכטע. דעם דאָזיקן מעטאָד רופט דעריבער שפינאָזע אָן — היסטאָרישער.

די דערקענונג פון דער ביבל און פון דער נאַטור דאַרף, לויט שפי־נאָזען, פאָרקומען אַף איין אופן אין דעם זין, וואָס דער דערקענונג־מעטאָד גייט אַרויס בלויז פונעם כאַראַקטער און אינהאַלט, פון דער אייגנאַרטיקייט און ספּעציפישקייט פונעם באַטראַכטן אָביעקט. „די דער־קענונג פון דעם אלעם, דה. פון קימאַט אלע זאַכן, וועלכע געפינען זיך אין דער ביבל, דאַרף אנטליִען ווערן אין דער ביבל גופע, פונקט אזוי, ווי די דערקענונג פון דער נאַטור — אין דער נאַטור גופע" („טעאָלאָ־גיש-פּאָליטישער טראַקטאַט").

ווי עס איז צו זען, פארשפרייט שפינאָזע דעם מעטאָד פון דער־
לערנען די נאטור אף דער ביבל. דער מעטאָד הייסט בא אים היסטאָ־
רישער בלויז לויט דער אנאלאָגיע מיט דעם מעטאָד פון דערלערנען
די נאטור. און דאָ לאָזן זיך פילן אי די שטארקע זייטן אי די שוואכע
זייטן פון שפינאָזעס פילאָסאָפיע. שפינאָזעס מעטאָד רייסט אראָפּ די הײ־
ליקייט, די געטלעכקייט פון דער ביבל, עס בלייבט בלויז איבער דער
פארנינפטלעכער צוגאנג צו איר. דאָס איז בעפיירעש א גרויסער פאר־
דינסט.

אָבער שפינאָזע האָט ניט פארשטאנען, אז אויסשעפּן די דערקלע־
רונג פון דער ביבל מיט א פארנינפטלעכער אויסטייטשונג בלויז פון די
ביבל־טעקסטן איז ניט מעגלעך. פון דער ביבל זעלבסט קאָן מען איר
אייגענע געשיכטע פולשטענדיק ניט אופשטעלן. קעדיי צו מאכן ברייטע
וויסנשאפטלעכע אויספירן וועגן איר געשיכטע און אינהאלט, דארפן די
ביבל־מאטעריאלן קאָנטראָלירט ווערן אף פאראלעלע אויסער-ביבלישע
דאָקומענטן און, פריער פאר אלץ, דורך דער דערלערנונג פון די מא־
טעריעלע געזעלשאפטלעכע פּראָצעסן אין דער געשיכטע פון די אוראלטע
יידן. אין דעם באשטייט בעעמעס דער היסטאָרישער מעטאָד פון דער
וויסנשאפטלעכער דערקלערונג פון דער ביבל. שפינאָזע האָט עס אָבער
ניט פארשטאנען, אים איז פרעמד געווען די דיאלעקטיק פון מאטעריעלע
און גייסטיקע פּראָצעסן. זיין היסטאָרישער מעטאָד איז א באגרענעצ־
טער.

אָבער מיט דער מעכטיקער קראפט פון זיין פארנונפט גיט זיך שפּי־
נאָזע איין אראָפּצורייסן פון דער ביבל איר געטלעכן שלייער. א בא־
זונדערס גרויסע באדייטונג האָט דערביי זיין אנאליז פון די ביבלשע
ניסים און פון דער ביבלישער נעוווע.

ניסים, וואונדער, זאָגט שפינאָזע, איז א באגריף, וואָס קומט פון
אומוויסן, — אין דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט זיינען קיין ניסים, קיין
וואונדער ניט פאראן. די נאטור אנטוויקלט זיך געזעצמעסיק. אירע דער־
שיינונגען זיינען אורזאכלעכע פארבונדן און באדינגט. די נאטור האָט
איר באשטימטן און אומצעשטערבארן סיידער. די ביבל אליין דערציילט

װעגן ניסים אַלס איבערנאַטירלעכע דערשײַנונגען, ס׳הײסט — אַזױנע דערשײַנונגען, װאָס װידערשפּרעכן דעם אײַנגעשטעלטן סדר פֿון דער נאַטור. אָבער װײַבאַלד זײ װידערשפּרעכן דעם סדר פֿון דער נאַטור — הײסט עס, אַז זײ עקזיסטירן ניט. ניסים אין דער נאַטור זײַנען אַן אַבסורד. װעגן ניסים בילדעט מען זיך אײַן דאַן, װען מע װײסט ניט די סיבעס פֿון דערשײַנונגען, ד.ה. אַז װען מע זאָגט „נעס", איז מען זיך „מודה אין אומװיסן".

קעדײ צו דערװײַזן די ריכטיקײַט פֿון דעם דאָזיקן געדאַנק, קומט שפּינאָזע אָן צו דער הילף פֿון דער ביבל זעלבסט און ברענגט די פּסוקים 3—6, י״ג, דברים, װוּ עס װערט געזאָגט: „ובא האות והמופת אשר דבר אליך... לא תשמע אל דברי הנביא ההוא וגו׳ כי מנסה יהוה אלהיכם אתכם וגו׳ והנביא ההוא... יומת" (און אַז דער צײכן, אָדער דער מופֿעס, װעגן װעלכע ער האָט צו דיר גערעדט, װעט אָנקומען, זאָלסטו זיך ניט צוהערן צו די רײד פֿון דעם דאָזיקן נאָװי, װאָרעם יאַהװע אײַער גאָט פּרוּװט אײַך, און זאָל דער דאָזיקער נאָװי געטײט װערן). פֿון דעם איז קלאָר, באַמערקט שפּינאָזע, אַז די ביבל אַלײן האַלט, אַז גאָט, דאָס אײגענע די נאַטור, קאָן ניט דערקענט װערן מיט דער הילף פֿון ניסים.

פֿאַרװאָס אָבער פֿאַרנעמען דאָך אין דער ביבל ניסים אַן אָרט? דאָס קאָן דערקלערט װערן דערמיט, ענטפֿערט שפּינאָזע, װאָס די ייִדן אין דער ביבל־עפּאָכע האָבן געגלײבט אין װוּנדער, װײַל זײ זײַנען געװען געצנדינער, און קעדײ צו דערקלערן זײ דעם אָדער יענעם געדאַנק, האָט מען זיך צוגעפּאַסט צו זײער באַנעם. עס װערט, צום בײַשפּיל, דערצײלט, אַז יעהושוע האָט באַװיזן װוּנדער — ער האָט אָפּגעשטעלט די באַװעגונג פֿון דער זון. פֿון דער דאָזיקער מײַסע, מײנט שפּינאָזע, דרינגט אַרױס, ערשטנס, אַז די ייִדן האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז די זון באַװעגט זיך אַרום דער ערד און, צװײטנס, אַז די ייִדן זײַנען געװען געצנדינער און קעגן געצנדינערײַ טאַקע איז געװענדט די דערװײַזונג, אַז גאָט פֿירט אָן מיט דער זון און קאָן זי פֿאַרהאַלטן אין איר באַװעגונג.

פון דעם אלעם איז קלאָר, אז דאָס, וואָס שפּינאָזע קומט אָן צו דער ביבל זעלבסט אָפּ צו דערווייזן, אז אין דער נאַטור זיינען קיין ניסים ניט פאראן, איז, ערשטנס, א מיטל אויסצובאהאלטן זיין אטעיזם, צווייטנס, — א מיטל אראָפּצווואַרפן פון דער ביבל איר טעאָלאָגישע שאָלעכץ, קעדיי צו באזייטיקן זי אלס מענטשלעכן דאָקומענט, וואָס איז פארפאסט געוואָרן אין א באשטימטן צייט-אָפּשניט פון דער אלט-ייִדישער געשיכטע.

דעם אנאליז פון דער ביבלישער נעוווּע גיט שפּינאָזע א סאך ברייטער. און אויך דאָ באטאָנט ער, אז ער האלט זיך פעסט בא זיין מעטאָד, ניט אָפּטרעטנדיק פון די ביבלישע טעקסטן. עמעס, ווייטער גיט ער צו, אז קעדיי צו פארשטיין די נעוווּע, איז ניט גענוג צו אָפּערירן בלויז מיטן טעקסט פון די נעוויִים. נאָר דערווייל צעוויקלט ער דעם טאַנאַך און לערנט א בלאט טוירע אָפּ זיין אויפן.

אין דער ביבל — שרייבט שפּינאָזע — ווערט געזאָגט, אז די געטלעכע אנטפּלעקונג, די נעוווּע, קומט פאָר אָדער דורך דער שטים אָדער דורך דער זעונג. מיט דער שטים האָט זיך גאָט אנטפּלעקט נאָר מוישען. די איבעריקע נעוויִים האָט זיך גאָט קיינמאָל מיט דער הילף פון דער שטים ניט אנטפּלעקט. זייער נעוווּע איז א זעונג-נעוווּע. שפּינאָזע ציטירט דערביי דעם שטעל פון „במדבר", י"ב, 6—7: „אם יהיה נביאכם יהוה במראה אליו אתודע בחלום אדבר בו לא כן עבדי משה..." („ווען עס וועט בא אייך זיין א נאָווי, וועל איך, יאהווע, זיך אנטפּלעקן צו אים אין זעונג, אין א כאָלעם וועל איך מיט אים ריידן, נאָר ניט אזוי מיין קנעכט מוישען..." האָב איך זיך אנטפּלעקט), און שפּינאָזע מאכט דערפון א גלענצנדיקן, שארפזיניקן אויספיר: אפילע דאָס, זאָגט ער, אז גאָט האָט זיך מיט דער הילף פון דער שטים בלויז מוישען אנטפּלעקט, איז אויך נאָר א מאָמענט פון דער פאָרשטעלונגס-קראפט. אין כאָלעם נאָר האָט מען גאָטס שטים געקאָנט הערן. נאָר אין כאָלעם, אירא-ניזירט שפּינאָזע, איז מען בעקוי'עך זיך פאָרשטעלן ניט-עקזיסטירנדיקע זאכן.

אזוי אָדער אנדערש, זאָגט שפּינאָזע, איז נעוווּע פארבונדן מיט דער פאָרשטעלונגס-קראפט, מיטן קויעך-האדימיען. אָבער אויב עס איז

אזוי, איז אינגאנצנ ניט נייטיק קיינ שומ בילדונג, קעדיי צו קענענ זאָגנ נעוויִעס. וועהאָרייַע, אווראָמס קנעכטנ האָגאָר האָט געהאט נעווועקראפט. נעוווע באזירט זיכ ניט אפנ פארנונפט, דעריבער נייטיקט זי זיכ אינ א סימענ, אינ א צייכנ, וואָס דארפ איבערצייַגנ אינ איר וואָרהאפטיקייַט (גאָט האָט שוינ מוישענ געזאָגט: „אונ דאָס זאָל דיר זייַנ א צייכנ, אז איכ האָב דיכ געשיקט"). „אזוי ארום, זאָגט שפּינאָזע, איז נעוווע מינדערווערטיקער פונ דער נאטירלעכער דערקענונג, וועלכע נייטיקט זיכ ניט אינ קיינ שומ צייכנ, נאָר אנטהאלט אינ זיכ עכטקייט אפּנ סמאכ פונ איר אייגענער נאטור" („טעאָל. פּאָליט. טראקטאט"). די נעוווע האָט דעריבער גאָרניט צו טאָנ מיט דער נאטירלעכער דערקענונג, וועלכע שטרעבט צומ עמעס. די געטלעכע אנטפּלעקונג איז „א גאנצ צווייפלהאפטע זאכ", אונ די, וואָס זוכנ דעמ עמעס וועגנ די מאטעריעלע אונ גייַסטיקע דערשייַנונגענ פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייַט אינ די ביכער פונ די נעוויִימ, גייענ אפּ א פאלשנ וועג. „איכ זאָרג זיכ זייער ווייניק וועגנ דעמ, דערקלערט שפּינאָזע, וואָס פאר א קאצניאָמער עס וועט אופהייבנ די רעליגיע, וועלכע פארהאסט ניט קיינעמ אזויפיל, ווי די מענטשנ, וואָס גיבנ זיכ אָפּ מיט דער עמעסער וויסנשאפט אונ מיטנ עמעסנ לעבנ" (דאָרט).

שפּינאָזע רייַסט אראָפּ אינ סאכאקל פונ די נעוויִימ־ביכער זייער געטלעכקייַט אונ באטראכט זיי אלס ליטערארישע דאָקומענטנ פונ פארשיידענע מענטשנ, אינ וועלכע עס איז פארפיקסירט געוואָרנ זייער צוגאנג צו דער נאטור אונ אירע דערשייַנונגענ, צו גאָט אונ זייַנע מייַסימ, צו דער ייִדישער געשיכטע אונ אירע ענדערונגענ אינ דער צייַט, אינ וועלכער זיי האָבנ געלעבט. די נעוויִימ זייַנענ מענטשנ — זאָגט שפּינאָזע — אונ גאָרניט מעטשלעכעס איז זיי ניט געווענ פרעמד. יעשאיע, יעכעזקל, אָמויס, זכאריע — דאָס זייַנענ מענטשנ פונ פארשיידענע טעמפּעראמענטנ אונ סטילנ, באנעמ אונ געשמאק. „גאָט האָט קיינ שומ סטיל ניט, ער איז אמאָל גראציִעז, פּינקטלעכ, הארב, ברוטאל, בארײדעוודיק אונ נעפּלהאפט, אָפּהענגיק פונ דער ערודיציע אונ פונ די פייִקייַטנ פונ די נעוויִימ" (דאָרט).

ווײַבאַלד די ביבל איז אַ מענטשלעכער דאָקומענט, ווײַבאַלד די הײ־
ליקע נעוווּע אַלס קוואַל פֿון דער ביבל־פֿאַרפֿאַסונג איז אַרונטערגעריסן,
ווײַבאַלד די טעאָלאָגיע, אַלס אויטאָריטעט פֿון דערקלערן די ביבל, איז
אָפּגעוואָרפֿן און די גרונט־פֿעסטונג פֿון דער רעליגיע איז, אַלס געטלעכע
אַנטפּלעקונג, צעשמעטערט און אוועקגעשטעלט געוואָרן אַף אַן ערדישן
באָדן, רוקט שפּינאָזע אַרויס די אויפֿגאַבע אויפֿצושטעלן די עמעסע גע־
שיכטע פֿון דער ביבל, דעם גורל פֿון די פֿאַרשיידענע ביבל־ביכער, די
אויטאָרן פֿון דער ביבל, די קוואַלן פֿון דער ביבל און איר דערקענונגס־ווערט.

די דאָזיקע אויפֿגאַבע האָט ער ניט נאָר פֿאָרמולירט, נאָר ער איז
אויך געקומען צו אַ רײַ וויכטיקע אויספֿירן, צו אײניקע גענ׳אַלע האַ־
שאָרעס, וועלכע האָבן געדינט אַלס באַזע פֿאַר דער הײַנטצײַטיקער וויסנ־
שאַפֿטלעכער ביבל־קריטיק. שפּינאָזע פֿאַרשטייט, ווי שווער און קאָמ־
פּליצירט עס איז אויפֿצושטעלן די געשיכטע פֿון דער ביבל בלויז מיט
דער הילף פֿון עם אַנאַליז פֿון אירע טעקסטן, און ער קלאָגט אָן די
פֿאַרגאַנגענע דורות פֿאַר זייער זאָרגלאָזיקײַט בענעגייע דער געשיכטע.
„כאָטש די געשיכטע פֿון דער ביבל — שרײַבט ער — איז ביז גאָר נייטיק,
דאָך האָבן די אוראַלטע ניט געזאָרגט וועגן איר. און אויב זיי האָבן אַ
וועלכע־ס׳ניט־איז געשיכטע יאָ אָנגעשריבן אָדער איבערגעגעבן, איז זי
מיט דער צײַט פֿאַרלאָרן געגאַנגען, און אַזוי אַרום איז אַ גרויסער טייל
פֿון די באַגרינדונגען און פּרינציפּן פֿון דער דאָזיקער דערקענונג אומ־
געקומען. דאָס וואָלט מען נאָך געקאָנט פֿאַרלײַדן, ווען די קומענדיקע
דורות וואָלטן זיך געהאַלטן אין ריכטיקע גרענעצן און וואָלטן דאָס
ביסל, וואָס זיי האָבן באַקומען אָדער געפֿונען, איבערגעגעבן זייערע
יאָרשים געוויסנהאַפֿט און וואָלטן ניט אויסגעטראַכט קיין נײַע סוואָרעס.
אַלס רעזולטאַט דערפֿון איז די געשיכטע פֿון דער ביבל פֿאַרבליבן ניט
נאָר ניט קיין פֿולקומע, נאָר אַ פֿעלערהאַפֿטע״ (דאָרט).

און שפּינאָזע שנײַדט זיך אַרײַן מיט זײַן דורכדרינגלעכן מויעך אין
דעם נעפּל, וואָס די רעליגיע האָט געשאַפֿן אַרום דער ביבל, און פּרוּווט
אויפֿשטעלן די עלעמענטן פֿון איר געשיכטע.

שפּינאָזע האָט ריכטיק פֿעסטגעשטעלט, אַז דער אויטאָר פֿון עם כו־

מעש איז ניט מוישע, אז „יעהוישוא״ איז אָנגעשריבן געוואָרן פון דעם זעלבן אווטאָר, וואָס האָט פארפאסט דעם כומעש, דעריבער דארף מען ריידן ניט וועגן קיין פינף־בוך, נאָר וועגן א זעקס-בוך, אז דער אווטאָר פון דעם דאָזיקן זעקס-בוך איז געוועזן עזרע. עזרען געהערט, לויט שפינאָזען, אויך שופטים, רות, שמואל א׳ און ב׳ אוןביידע מלכים. אלס מאטעריאלן האָבן עזרען געדינט די צונויפגעזאמלטע געשיכטעס און פינקאָסים פון פארשיידענע אווטאָרן. עזרעס פארדינסט, זאָגט שפינאָזע, באשטייט טאקע דערין, וואָס ער האָט אלץ צוזאמענגעקליבן, כאָטש ער האָט אָפט די דאָזיקע צוזאמענגעקליבענע מאטעריאלן ניט דורכגעקאָנטראָלירט און ניט געבראכט אין א באשטימטן סיידער.

וואָס איז שייַעך די נעוויִים, מיינט שפינאָזע, אז מיט אייניקע אויסנאָמען (דאניִעל, צום ביישפיל) זיינען זיי געשיכטלעכע פיגורן, ד.ה. אווטאָרן פון די נעוויִים-ביכער. דערביי באמערקט שפינאָזע, אז מע האָט די אווטאָרן פון דער ביבל געפראוועט.

צום שלוס פון דער ביבל-קריטיק רעדט שפינאָזע וועגן די ליטעראַרישע באזונדערקייטן פון דער ביבל. באטאָנענדיק איר פארשיידנסטיליקייט, איר ערדישקייט, שטעלט ער פעסט, אז זי אנטהאלט אין זיך עלעמענטן פון דער אוראלטער געשיכטע פונעם יִדישן פאָלק, זי האָט אין זיך איינגעזאפט דעם פאָלקס-עפּאָס, לעגענדעס, מיפן, זי איז רייַך מיט דיכטונג, פאָעזיע. צום באדויערן, האָט אָבער שפינאָזע דירעקט זיך ניט באשעפטיקט מיטן ליטערארישן אנאליז פון דער ביבל. וועגן „איִעוו״ נאָר זאָגט ער, אז דאָס שטעלט מיט זיך פאָר „די פאָעזיע פון געצנדינער״ און אז דער סטיל און דער דיִאלאָג פון דעם דאָזיקן ווערק זיינען אייגנטימלעך ניט פאר א מענטשן, וואָס איז געפערלעך קראנק און וואָס זיצט אין אש, נאָר וואָס דענקט אין קאבינעט, האָבנדיק דערוף געניג פרייַע צייַט.

פארסאכאקלענדיק די באדייַטונג פון שפינאָזעס ביבל-קריטיק, איז וויכטיק צו באטאָנען צוויי גרונט-געדאנקען:

ערשטנס, — אז שפינאָזע האָט אראָפּגעריסן פון דער ביבל איר רעליגיעזן מאלבעש און האָט זי ארויסגעריסן פון די הענט פון דעם יִדישן

און ניט יידישן קלער. ער האָט באוויזן, אז די געוווּע, די געטלעכע אנטפּלעקונג ווידערשפּרעכט דער דערקענונג און קאָן דעריבער ניט פּרע־טענדירן אפן עמעס.

צווייטנס, — אז די ביבל, אלס א מענטשלעכער דאָקומענט, איז א ליטעראַרישער דענקמאָל פון דער עפּאָכע פון דער אַלט־יידישער געשיכ־טע, פונעם אוראלטן יידישן פאָלקס־עפּאָס און פאָלקס־דיכטונג.

שפּינאָזעס אויספירן פון דער ביבל־קריטיק באזירן זיך אף זיינע אַל־געמיינעם פילאָסאָפישן טעזיס, אז די אופגאבע פון דעם מענטשן איז דערקענען דעם עמעס, וועלכער אנטהאלט זיך אין דער אָביעקטיווערווירקלעכקייט, אין דער נאטור. די נאטור קאָן דערקענט ווערן בלויז מיט דער הילף פונעם פארנונפט, אלזאָ, נאָר דער פארנונפט האָט דאָס רעכט אפן עמעס.

## III. שפּינאָזעס פילאָסאָפיע

די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע איז, אייגנטלעך, די געשיכטע פונעם קאמף צווישן צוויי גרונט־שיטעס, — צווישן דעם פילאָסאָפישן מאטעריאַליזם און דעם פילאָסאָפישן אידעאליזם. „די נייַסטע פילאָסאָ־פיע, דערקלערט לענין, איז אזוי פּארטייִש פּונקט ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. די קעמפנדיקע פארטייען... זיינען מאטעריאַליזם און אידעא־ליזם" (לענין, ב. XIII, ז. 292).

וואָס פארשטייט מען אין דער פילאָסאָפיע אונטער מאטעריאַליזם און אידעאליזם?

אינעם פּראָצעס פון דערקענען די וועלט נעמען אן אָנטייל: דער, וואָס דערקענט, — דער סוביעקט, און דאָס, וואָס מע דערקענט, — דער אָביעקט. יעדער פילאָסאָף מוז דעריבער געבן אן ענטפער אף דער פראגע וועגן דער פארהעלטעניש צווישן דעם סוביעקט און דעם אָביעקט, אָדער, אנדערש גערעדט, וועגן דער פארהעלטעניש צווישן דעם באוווּסטזיין און דעם זיין, צווישן דעם דענקען און דער נאטור. „די העכסטע פראגע פון דער גאנצער פילאָסאָפיע, זאָגט ענגעלס, איז די פראגע וועגן דער פאר־העלטעניש פונעם דענקען צום זיין, פונעם גייסט צו דער נאטור. די

פילאָסאָפן האָבן זיך איינגעטיילט אין צוויי גרויסע לאגערן לויט דעם, וויאַזוי זיי האָבן געענטפערט אַף דער דאָזיקער פראגע. יענע, וואָס האָבן באַהויפּט, אַז דער גייסט איז אורשפּרינגלעך לעגאַבע דער נאַטור... האָבן געבילדעט דעם לאַגער פון אידעאַליזם. די אַנדערע, וואָס האַלטן די נאַטור פאַר דעם אורשפּרינגלעכן, געהערן צו די פאַרשיידענע שולן פון-נעם מאַטעריאַליזם" (ק. מאַרקס און פ. ענגעלס, אויסגעוויילטע ווערק, ב. XIV, ז. 643—644, רוס. אויסג.). אַט די העכסטע פראַגע פון דער פילאָסאָפיע האָט צוויי זייטן: 1) וואָס איז דאָס ערשטיקע — דאָס זיין צי דער באַוווּסטזיין? און 2) צי קאָנען אונדזערע באַגריפן דערקענען און אָפּשפּיגלען די אַרומיקע וועלט?

לאָמיר זאָגן, אַז אַ פילאָסאָף שטעלט זיך פאָר די פאַרהעלטעניש צווישן דעם סוביעקט און דעם אָביעקט ווי די באַציִונג צווישן אַ שלאָפנ-דיקן און אַ כאָלעם. די וועלט, הייסט עס, ווערט אויסגעדאַכט דורכן סוביעקט, ווי אַ כאָלעם אין שלאָף. אין געגעבענעם פאַל איז דער סו-ביעקט — דער מענטש, זיין באַוווּסטזיין, דער טרעגער פון דער וועלט, דער באַשעפער אירער. ער, דער סוביעקט, איז דאָס ערשטיקע; זי, די וועלט — דאָס צווייטיקע. די באַגריפן טראַכטן אויס די וועלט. אַזאַ פי-לאָסאָף איז אַן אידעאַליסט; אַזאַ פילאָסאָפיע געהערט צום אידעאַליזם.

לאָמיר זאָגן, פאַרקערט, אַז אַ פילאָסאָף שטעלט זיך פאָר די פאַר-העלטעניש צווישן דעם סוביעקט און דעם אָביעקט, ווי די באַציִונג צווישן אַ שפּיגל און דעם, וואָס סע שפּיגלט זיך אין אים אָפּ. די וועלט, הייסט עס, ווערט, ווי אין אַ שפּיגל, אָפּגעשפּיגלט אין אונדזער באַ-וווּסטזיין. אין געגעבענעם פאַל איז די וועלט, די נאַטור דאָס ערשטיקע, און דער באַוווּסטזיין איז צווייטיק. די באַגריפן זיינען אָפּהענגיק פון דער זיך אָפּשפּיגלענדיקער וועלט. די נאַטור, דאָס זיין שאַפט דעם סו-ביעקט, דעם באַוווּסטזיין. אַזאַ פילאָסאָף איז אַ מאַטעריאַליסט. אַזאַ פי-לאָסאָפיע געהערט צום מאַטעריאַליזם. „דער גרונט-אונטערשייד, לערנט לענין, פון אַ מאַטעריאַליסט ביז אַן אָנהענגער פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע באַשטייט דערין, וואָס די עמפּינדונג, די אויפאַסונג, די פאַר-שטעלונג און בכלל דער באַוווּסטזיין פון דעם מענטשן ווערט אָנגע-

נומען אלס געשטאַלט פֿון דער אָביעקטיוויער רעאַליטעט. די וועלט איז די באַוועגונג פֿון דער דאָזיקער אָביעקטיוויער רעאַליטעט, וועלכע ווערט אָפּגעשפּיגלט אין אונדזער באַוווּסטזיַין" (לענין, ב. XIII, ז. 219).

א פֿילאָסאָף אַן אידעאַליסט מיינט, אַז די וועלט איז באַשאַפֿן מיט דער הילף פֿון גאָט, „אַבסאָליוטער אידיי", איבערנאַטירלעכער קראַפֿט, וועלט-באַוווּסטזיַין אדג. א מאַטעריאַליסט, פֿאַרקערט, לערנט ריכטיק, אַז די וועלט איז א קאַדמענ און אַז אינעם פּראָצעס פֿון דער וועלט-אַנט-וויקלונג שאַפֿט די מאַטעריע אירס אַן אייגנאַרטיק-קאָמפּליצירט שטיק — דעם מאַרך, וועלכער באַנעמט, שפּיגלט אָפּ, דערקענט די וועלט. דאָס בילד פֿון דער וועלט שילדערט לענין אַזוי:

„1. די פֿיזישע וועלט עקזיסטירט אומאָפּהענגיק פֿון דעם באַ-וווּסטזיַין פֿונעם מענטשן און האָט עקזיסטירט א סאַך פֿריִער פֿאַר דעם מענטשן, פֿאַר יעדער „דערפֿאַרונג פֿון די מענטשן". 2. דאָס פּסיכישע, דער באַוווּסטזיַין אאַוו. איז דער העכסטער פּראָדוקט פֿון דער מאַטע-ריע (ד.ה. פֿונעם פֿיזישן), איז א פֿונקציע פֿון דעם באַזונדערס קאָמ-פּליצירטן שטיק מאַטעריע, וואָס ווערט אָנגערופֿן דער מאַרך פֿונעם מענטשן" (לענין, ב. XIII, ז. 186).

אייניקע פֿילאָסאָפֿן, וואָס פּלאָנטערן זיך צווישן מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם, פּרוּוון נייען א פֿילאָסאָפֿישן מאַלבעש פֿון אידעאַליסטישע און מאַטעריאַליסטישע לאַטעס. אַזאַ פֿילאָסאָפֿיע איז, אַלס קלאַל, אַן אידעאַליסטישע. אַזאַ פֿילאָסאָף רופֿט מען דואַליסט, ווײַל אינעם יעסאָד פֿון דער וועלט וויל ער אײַנזען צוויי פּרינציפּן — מאַטעריע און גײַסט.

די פֿילאָסאָפֿן, וואָס גייען אַרויס פֿון איין פּרינציפּ, — אָדער פֿון מאַטעריע, אָדער פֿון גײַסט, — הייסן מאָניסטן. מע קאָן זײַן א מאָניסט אַן אידעאַליסט און, פֿאַרקערט, — א מאָניסט א מאַטעריאַליסט.

סײַ דער אידעאַליזם סײַ דער מאַטעריאַליזם האָבן ניואַנסן, שאַטי-רונגען. אַזוי, טיילט זיך די אידעאַליסטישע ליניע אויף אפּן סוביעקטיוון און אָביעקטיוון אידעאַליזם. דער סוביעקטיווער אידעאַליסט אָנערקענט בלויז די עקזיסטענץ פֿונעם „איך", און די וועלט אַלס פּראָדוקט פֿונעם „איך". דער אָביעקטיווער אידעאַליסט פּריידיקט, אַז עס עקזיסטירט אַן

„אָביעקטיווע אידיי“, א „וועלט-גײַסט“, וואָס באַשאַפט און פירט אָן מיט דער וועלט. די מאַטעריאַליסטישע שול טיילט זיך איין אין מעטאַפיזישן און דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. דער מעטאַפיזישער מאַטעריאַליזם פאַסט אויף זאַכן און דערשיינונגען אַלס פאַרגליווערטע, איינס פון אַן אַנדער אָפּגעריסענע און איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשטימטע. דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם באַטראַכט די נאַטור און אירע דערשיינונגען אין זייער אָרגאַנישער פאַרבונדנקייט, אומופהערלעכער באַוועגונג און אַנטוויקלונג. דערבײַ ווערט אַנטוויקלונג פאַרשטאַנען אַלס א קאַמף פון אינערלעכע ווידערשפּרוכן.

די דאָזיקע פּאָרלויפּיקע אַלגעמיינע באַקאַנטשאַפט מיט די צוויי גרונט-ריכטונגען אין דער פילאָסאָפיע איז נייטיק, קעדיי בעסער צו פאַרשטיין שפּינאָזעס פילאָסאָפיע.

וואָס איז דער טאַך פון שפּינאָזעס פילאָסאָפישער לערע?

די וויכטיקסטע פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען פאַר שפּינאָזען, איז געווען די פּראָבלעם וועגן דעם אָרט פון דעם מענטשן אין אַלוועלט, די אויפגאַבע פון דעם מענטשן אין דער וועלט און אין וואָס באַשטייט זײַן גליק. ניט צופעליק הייסט שפּינאָזעס הויפּט-ווערק „עטיק“. באַטראַכטנדיק די פראַגע וועגן גליק פונעם מענטשן, הייבט ער אָן אויסצוקלאָרן די דאָזיקע פראַגע פון א ריי באַשטימונגען, טעאָרעמעס און דערווײַזונגען, וואָס זאָלן לאָגיש צוגרייטן דעם לייענער צו דעם ענטפער. דעם מענטשנס גליק — לערנט שפּינאָזע — באַשטייט אין דערקענען דעם עמעס פון דער וועלט. שטודירנדיק די מיטלען פון דערקענונג און דעם מעהוס פון דער וועלט, האָט שפּינאָזע צעוויקלט א פאַרגאַנצטע מאַטעריאַליסטישע סיסטעם, וואָס איז אריבערגעוואַקסן די געשטעלטע פראַגע וועגן מענטשלעכן גליק, און די דאָזיקע פראַגע איז געוואָרן בלויז א באַשטאַנדטייל פון זײַן גאַנצער סיסטעם.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר שפּינאָזעס פילאָסאָפישע סיסטעם?

פאַר שפּינאָזען איז קיינמאָל ניט געשטאַנען די פראַגע וועגן דער אָביעקטיווער עקזיסטענץ פון דער וועלט. אין דעם, אַז די וועלט עקזיסטירט, איז ער געווען זיכער. עס איז נאָר פאַרבליבן צו דערקלערן,

וויאזוי זי עקזיסטירט, אונ איר געזעצמעסיקײַט. די רעאלע אָביעקטיווע וועלט באשטייט פונ אנ אומענדלעכער צאָל זאכנ. די דאָזיקע אלע זאכנ זײַנענ ענדלעכ. אלס ענדלעכע פארשטייט שפינאָזע אזא זאכ, „וועלכע קאָנ באגרענעצט ווערנ דורכ אנ אנדער זאכ פונ דער נאטור“ („עטיק“). פונ דעמ איז געדרונגענ, אז אלע זאכנ זײַנענ באגרענעצט, צײַטווײַליק אונ רעלאטיוו. אבסאָלוט, אייביק עקזיסטירט בלויז די סובסטאנצ.

וואָס איז אזוינס שפינאָזעס סובסטאנצ?

ענדלעכע זאכנ זײַנענ באגרענעצט דורכ אנדערע ענדלעכע זאכנ. אלע זאכנ זײַנענ אורזאכלעכ באדינגט, אונ די ענדלעכקײַט פונ די זאכנ ווערט באשטימט דורכ דער ענדלעכקײַט פונ די סיבעס, וועלכע באשטי-מענ זייער עקזיסטענצ. די סובסטאנצ איז אָבער ניט ענדלעכ אונ איז דורכ קיינעמ ניט באגרענעצט, ס'הייסט — די סיבע, וואָס רופט ארויס איר עקזיסטענצ, איז ניט קיינ ענדלעכע אונ ליגט אינ דער סובסטאנצ גופא. שפינאָזע באשטימט די סובסטאנצ אזוי: „אונטער דער סובסטאנצ פארשטיי איכ דאָס, וואָס עקזיסטירט אינ זיכ אליינ אונ ווערט דורכ זיכ זעלבסט פאָרגעשטעלט“ (דאָרט). די גרונט-כאראקטעריסטיק פונ דער סוב-סטאנצ איז איר זעלבסט-עקזיסטענצ. די סובסטאנצ איז עקזיסטענצ, זי איז אָביעקטיווע רעאלקײַט, ווירקלעכקײַט. איר סיבע ליגט אינ איר גו-פע, זי איז די סיבע פונ זיכ זעלבסט. דאָס איז דער סאמע שארפזי-טער מאטעריאליסטישער אונ אטעיסטישער געדאנק, וואָס ליגט אינ שפי-נאָזעס פילאָסאָפישער סיסטעמ. מיט זײַנ לערע וועגנ דער סובסטאנצ אלס סיבע פונ זיכ זעלבסט פארנעמט שפינאָזע דאָס אָנגעזעענסטע אָרט צווישנ די גרעסטע פילאָסאָפנ מאטעריאליסטנ. מארקס אונ ענגעלס האָבנ זייער הויכ געשעצט די טיפ-פילאָסאָפישע אידיי Causa sui (די סיבע פונ זיכ זעלבסט). אלס קלאָסאלע דערגרייכונג אונ ערע פונ דער פילאָסאָ-פיע דארפ מענ האלטנ דאָס, זאָגט ענגעלס, „וואָס אָנגעהויבנ פונ שפי-נאָזענ אונ געענדיקט מיט די גרויסע פראנצויזישע מאטעריאליסטנ, האָט זי אקשאָנעסדיק געפרווט צו דערקלערנ די וועלט פונ איר זעלבסט, איבערלאָזנדיק די גענויע בארעכטיקונג פונ דעמ פאר דער נאטורוויסנ-שאפט פונ דער צוקונפט“ (מארקס אונ ענגעלס, ב. XIV, ז. 479—480).

ווײַטער.

די סובסטאַנץ עקזיסטירט דורך זיך אַליין. הייסט עס: די סובסטאַנץ איז עדשטיק און אירע צושטאַנדן, די ענדלעכע זאַכן, זײַנען דערי־וואַט[1]. „אַלץ, וואָס עקזיסטירט, עקזיסטירט דעריבער אין דער סובסטאַנץ און גאָרניט קאָן אָן איר ניט עקזיסטירן, ניט ווערן פאָרגעשטעלט" („עטיק").

שפּינאָזעס לערע איז דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק, אַז אַלע זאַכן אין דער וועלט זײַנען אורזאַכלעך פאַרבונדן. יעדער זאַך האָט איר סיבע, אַדאַנק וועלכער זי עקזיסטירט. איין זאַך איז באַדינגט פון אַ צווייטער. די עקזיסטענץ פון יעדער איינצלנער זאַך איז ניט קיין אײַ־ביקדויערנדיקע, איז אַן ענדלעכע, דערפאַר, ווײַל די סיבע, וואָס באַ־שטימט די עקזיסטענץ פון יעדער זאַך, איז, לויט שפּינאָזען, ערשטנס, אויסערלעך בענגייע דער זאַך גופע, צווייטנס, — איז זי ניט קיין אײַ־ביקע, נאָר אַ צײַטווײַליקע, אַ באַגרענעצטע און אַן ענדלעכע. אינעם יעסאָד פון אַלע ענדלעכע און באַגרענעצטע זאַכן ליגט די סובסטאַנץ. זי, די סובסטאַנץ, איז די סיבע פון זיך זעלבסט. קיינער באַשטימט ניט איר עקזיסטענץ, איר עקזיסטענץ איז פאַרבאָרגן אין איר זעלבסט. אַזוי־אַרום עקזיסטירט זי אײביק און אַבסאָליוט אין צײַט און אומענדלעך אין רוים. אַלע ענדלעכע (באַגרענעצטע אין רוים) זאַכן דרינגען אַרויס פון דער אומענדלעכער און שטענדיקער עקזיסטענץ פון דער סובסטאַנץ. דעריבער טאַקע איז די סובסטאַנץ באַ שפּינאָזען דער אויסדרוק פון דער איינהײַט פון אַלע זאַכן.

באַ דעם אַלעם שטעלט אָבער שפּינאָזע אַ גלײַכצייכן צווישן גאָט און סובסטאַנץ (סובסטאַנץ = גאָט).

די דאָזיקע פאָרמול באַווײַזט, אַז שפּינאָזעס פילאָסאָפיע איז דאָך אַ טאָכטער פון איר צײַט. אונטערן דרוק פון דער מאַכט פון דער רע־ליגיע נוצט זיך שפּינאָזע מיט אַ טעאָלאָגישן באַגריף, וועלכער איז אָבער פאַרבליבן בלויז אַ טעאָלאָגישע נאָכשלעפּעניש אין זײַן דורכויס מאַטע־

1 רעזולטאַטיוו, שטאַמט פונעם ערשטיקן.

ריאַליסטישער פילאָסאָפיע. וואָרעמ, בעעמעס, וואָס בלײַבט שוינ איבער פאַר „גאָט“ נאָכ שפּינאָזעס פאַרשטיינ סובסטאַנצ אונ נאָכ זײַנ קאַטעגאָרישער באַשטעטיקונג, אַז „דער, וואָס באַהויפּט, אַז די סובסטאַנצ איז א באַשאַפענע, באַהויפּט גלײַכצײַטיק, אַז א פאַלשע אידיי איז געוואָרנ דער עמעס. אונ עפּעס מער אומזיניקס, ווי דאָס, קאָנ מענ זיכ גאָרניט פאָרשטעלנ“ („עטיק“).

ווײַטער.

יעדע עקזיסטירנדיקע זאַכ מוז נויטווענדיק האָבנ א באַשטימטע סיבע, וואָס באַדינגט איר עקזיסטענצ. די דאָזיקע סיבע ליגט אויסער איר, אונ זי קאָנ באַדינגענ פיל זאַכנ. אַנדערש איז מיט דער סובסטאַנצ. איר עקזיסטענצ איז אינ איר גופע. איר סיבע געפינט זיכ אינ איר אַליינ. הייסט עס, עס עקזיסטירט בלויז איינ סובסטאַנצ. פונ דעמ אַלעמענ איז קלאָר, אַז שפּינאָזע האָט פאַרניכט גאָט אַלס איבערנאַטירלעכע, מיסטישע קראַפט, אַלס שעפער אונ אָנפירער פונ דער נאַטור, פונ דער וועלט. שפּינאָזע לערנט, אַז די סובסטאַנצ אונ נאָר די סובסטאַנצ ליגט אינ יעסאָד פונ אַלוועלט.

שפּינאָזעס לערע וועגנ דער סובסטאַנצ איז דורכגעדרונגענ מיט דעמ געדאַנק, אַז אַלצ איז אורזאַכלעכ באַדינגט. „פאַר יעדער זאַכ, שרײַבט שפּינאָזע, מוז זײַנ א סיבע אָדער א גרונט סײַ פאַר איר עקזיסטענצ סײַ פאַר איר ניט-עקזיסטענצ“. די סיבעס פונ אַלע ענדלעכע זאַכנ ליגנ אויסער זיי. אַלצ, וואָס עקזיסטירט, עקזיסטירט אינ דער סובסטאַנצ. פונ דעמ איז געדרונגענ, אַז די נויטווענדיקע פאַרבינדונג פונ אַלע זאַכנ געפינט זיכ אינ דער אומענדלעכער אורזאַכלעכער קייט, וואָס קייטלט זיכ אומפאַרמײַדלעכ פונ דעמ וועזנ פונ דער סובסטאַנצ. די אורזאַכלעכע קייט פונ אַלע זאַכנ דרינגט נויטווענדיק אַרויס פונ דער סובסטאַנצ. אינ דער נאַטור פונ אַלע זאַכנ זײַנענ, לויט שפּינאָזענ, קיינ צופעליקײַטנ ניט פאַראַנ. אונ אויב אַלע זאַכנ דרינגענ נויטווענדיק אַרויס פונ דער סובסטאַנצ, הייסט עס, אַז אַזוי, ווי זיי עקזיסטירנ, מוזנ זיי עקזיסטירנ אונ ניט אַנדערש. אַלזאָ, דער וועלט-סיידער איז פונ קיינעמ ניט באַשאַפנ, ער עקזיסטירט אַלס נאַטירלעכע נויטווענדיקײַט אונ דאַרפ פאַרשטאַנענ

ווערן, ווי די אורזאכלעכע פאַרבינדונג פון אַלע זאכן, און גאָט — סובס־טאנץ — נאטור אַלס די איינציקע און אינערלעכע סיבע זײַנע. דערמיט שטרײַכט שפּינאָזע נאָכאמאָל אונטער, אַז גאָט איז פאַר אים בלויז אַ פראגע פון טערמינאָלאָגיע. אינדערעמעסן האָט גאָט קיין שום שײַכעס ניט ניט צו דער וועלט־עקזיסטענץ און ניט צו דעם וועלט־סיידער. די נאטור, די סובסטאנץ איז די איינציקע אָביעקטיווע רעאַליטעט, וועלכע עקזיסטירט אַן און פאַר זיך אַלס ערשטיקע און אַלס קאַדמענע.

שפּינאָזע האָט זײַן לערע וועגן דער סובסטאנץ מאַטעריאַליסטיש פאַרטיפט, פירנדיק אַ קאַמף קעגן דעקאַרטס דואַליזם. דעקאַרט האָט געלערנט, אַז עס עקזיסטירן צוויי סובסטאַנצן — פון דער נאטור און פונעם דענקען. שפּינאָזע איז אַ מאָניסט. ער האָט אָפּגעוואָרפן דעקאַרטס לערע און האָט מאַטעריאַליסטיש דערקלערט, אַז דאָס דענקען עקזיסטירט ניט אויסער דער סובסטאנץ, זעלבשטענדיק. דאָס דענקען איז אַן אַטרי־בוט פון דער נאטור. „איך האָב מיט דער פולער קלאָרקײַט און דײַט־לעכקײַט דערוויזן, — שרײַבט שפּינאָזע צו זײַן פרײַנט סימאָן דע־וריז, — אַז דער אינטעלעקט, אַפילו דער אָנענדלעכער, געהערט צו דער נאטור דער באַשאַפענער, און ניט צו דער נאטור דער באַשאַפנדער". אַזוי־אַרום האָט שפּינאָזע געגעבן אַ קלאָרן מאַטעריאַליסטישן ענטפער אויף דער גרונט־פראַגע פון דער פילאָסאָפיע: די נאטור איז דאָס ערשטיקע, דאָס דענקען איז דאָס צווייטיקע.

כוץ דעם אַטריבוט פון דענקען, לערנט שפּינאָזע, פאַרמאָגט די סובסטאנץ אויך דעם אַטריבוט פון אויסשפּרייטלעכקײַט. אַלע זאכן דרינגען אַרויס פון דער סובסטאנץ, און זיי קאָנען מיט דער הילף פו־נעם סייכל באַטראַכט ווערן אַטריבוטיוו סײַ אַלס אויסשפּרייטלעכע סײַ אַלס דענקענדע. די אַטריבוטן זײַנען אַזוי־אַרום, לויט שפּינאָזען, „דאָס, פון וואָס עס באַשטייט, ווי עס שטעלט זיך פאָר דער סייכל, דער מע־הוס פון דער סובסטאנץ". די סובסטאנץ פאַרמאָגט, לויט שפּינאָזען, אַן אומענדלעכע צאָל אַטריבוטן, אָבער בלויז צוויי פון זיי האָט ער געקאָנט אָנרופן: דעם אַטריבוט פון אויסשפּרייטלעכקײַט און דעם אַטריבוט פון דענקען. כאָטש פון די פיל אומענדלעכע אַטריבוטן ווייסט שפּינאָזע

בלויז צוויי, הייסט עס אָבער ניט, אז ער מיינט, אז די סובסטאנצ איז ניט-דערקענבאר. אינ דער סובסטאנצ ליגט אנ אייביקע פייִקייַט פונ פילארטיקייַט, וועלכע ווערט אנטפּלעקט אלס אטריבוטנ, וואָס „יעדערער דריקט אויס די רעאליטעט אונ דעם זייַנ פונ דער סובסטאנצ. אזויארום איז קלאל ניט אומגעלומפּערט צוצושרייַבנ דער איינ סובסטאנצ עטלעכע אטריבוטנ" („עטיק"). שפינאָזענ זייַנענ נייטיק געווענ „עטלעכע אטריבוטנ", ווייַל דורכ דעם האָט ער זיכ ענדגילטיק געשטעלט אפנ שטאנדפּונקט, אז עס עקזיסטירט בלויז איינ סובסטאנצ, וועלכע שליסט אינ זיכ איינ די גאנצע רייַכקייַט פונ דער וועלט, דעם פיל-פארביקנ זייַנ.

די סובסטאנצ ווערט דערקענט מיטנ סייכל אלס אטריבוטנ, אונ „צי מיר וועלנ אופאסנ די נאטור אלס אטריבוט פונ אויסשפרייטלעכקייַט, צי אלס אטריבוט פונ דענקענ, אָדער אלס וועלכנ-ס'ניט-איז אנדער אטריבוט, וועלנ מיר אינ אלע פאלנ געפינענ איינ אונ דעם זעלבנ סיידער, אנדערש גערעדט, איינע אונ די זעלבע פארבינדונג פונ סיבעס" („עטיק"). געפינענ, דערקענענ די אורזאכלעכע פארבינדונג, ס'הייסט — דעם סיידער פונ דער וועלט — אָט וואָס ס'איז וויכטיק פאר שפינאָזענ. צוליב דעם אייגנטלעכ פירט שפינאָזע אַרייַנ אינ זייַנ סיסטעם דעם באגריפ אטריבוט.

ווי קאָנ מענ זיכ פאָרשטעלנ דעם וועלט-סיידער?

צוליב דעם איז נייטיק פארשטיינ, וויאזוי די סובסטאנצ ברענגט ארויס איינצלנע צושטאנדנ אירע, מאָדוסנ, — קאָנקרעטע, ענדלעכע זאכנ. „אונטער מאָדוס פארשטיי איכ, באשטימט שפינאָזע, א צושטאנד פונ דער סובסטאנצ, אָדער דאָס, וואָס עקזיסטירט אינ אנדערנ אונ ווערט פאָרגעשטעלט דורכ דעם דאָזיקנ אנדערנ" („עטיק"). אזויארום האָבנ ניט די מאָדוסנ, די זאכנ קיינ זעלבשטענדיקע עקזיסטענצ. זייער עקזיסטענצ איז אָפּהענגיק אונ אונטערגעוואָרפנ דער סובסטאנצ.

ניט געקוקט דערויפ, וואָס די זאכנ זייַנענ ניט זעלבשטענדיק, זייַנענ זיי דאָכ, לויט שפינאָזען, ניט צופעליק. זיי דריקנ אויס די נויטווענדיקייַט פונ דער סובסטאנצ, זיי זייַנענ אורזאכלעכ באדינגט אונ שאפנ

דעם סיידער פון דער נאטור. „יעדע איינצלנע, אנדערש גערעדט, יעדע ענדלעכע און לויט איר עקזיסטענץ באגרענעצטע זאך קאָן עקזיסטירן און באשטימט ווערן צו טאט נאָר אין דעם פאל, ווען זי ווערט באַשטימט צו עקזיסטענץ און טאט דורך א וועלכער-ס'ניט-איז צווייטער סיבע, וואָס איז לויט איר עקזיסטענץ אויך ענדלעך און באגרענעצט. די דאָזיקע סיבע, ווידער, קאָן עקזיסטירן און באשטימט ווערן צו טאט אויך נאָר אין דעם פאל, ווען זי ווערט באשטימט צו עקזיסטענץ און טאט דורך א דריטער סיבע, וואָס אויך זי איז לויט איר עקזיסטענץ ענדלעך און באגרענעצט, און אזוי ביז אומענדלעכקייט" („עטיק").

דער דאָזיקער געדאנק שפינאָזעס שטרייכט ניט נאָר אונטער, אז אין דער נאטור איז אלץ אורזאכלעך פארבונדן, נאָר אז גאָט איז אין זיין באשאַף ניט פריי, ד.ה. אז גאָט איז אייגנטלעך די נאטור, וועלכע שאפט אירע זאכן און דערשיינונגען ניט לויט א באזיניקטן ווילן, נאָר נויטווענדיק, לויט די בלינדע געזעצן, וואָס זיינען איר אייגנטימלעך.

שפינאָזע איז אנטשיידן ארויסגעטראָטן קעגן דער טעאָלאָגישער איינשטעלונג, אז אין דער נאטור איז אלץ צוועקמעסיק. „די לערע וועגן צוועק, שרייבט שפינאָזע, פארקריפּלט ענדגילטיק די נאטור". די דאָזיקע לערע נעמט זיך דערפון, וואָס די מענטשן האָבן זייערע אייגענע ציל-געוועדטע טאטן אריבערגעטראָגן אף דער נאטור און האָבן געמאכט דעם אויספיר, אז „עס איז פאראן א וועלכער-ס'ניט-איז אָדער וועלכע-ס'ניט-איז געוועלטיקער איבער דער נאטור, וועלכע באזיצן מענטשלעכע פרייהייט, וועלכע האָבן זיך פאר אלץ פון די מענטשנס וועגן געזאָרגט און אלץ באשאפן פון זייער נוץ וועגן" (דאָרט). שפינאָזעס גרויסער פאר-דינסט באשטייט אין דעם, וואָס אָפּוואַרפנדיק צילגעווענדטקייט אין דער נאטור, האָט ער אָפּגעוואָרפן גאָט און פעסטגעשטעלט, אז אין דער נאטור הערשן אירע אייגענע געזעצן און נויטווענדיקע פארורזאכטלעכ-קייט.

לענין לערנט, אז „די פראגע וועגן אורזאכלעכקייט האָט א באזונדערס וויכטיקן באדייט פארן באשטימען די פילאָסאָפישע ליניע פון דעם אָדער יענעם נייסטן „איזם..." די פילאָסאָפן, ווייזט אָן לענין, וואָס

פארשטייענ אורזאכלעכקייַט סוביעקטיוו, געהערנ צו דער אידעאליסטישער ליניע אינ דער פילאָסאָפיע, פארקערט, די פילאָסאָפנ, וואָס האלטנ, אז דער נאטור איז אָביעקטיוו אייגנטימלעכ אורזאכלעכקייַט, געהערנ צו דער מאטעריאליסטישער ליניע אינ דער פילאָסאָפיע. שפינאָזע, ווי עס איז אויבנ באוויזנ געוואָרנ, לייקנט אָפּ וועלכע-ס'ניט-איז צילנ אינ דער נאטור. לויט אימ איז אלצ, וואָס קומט פאָר אינ דער נאטור, *אָביעקטיוו* נויטווענדיק אונ רעאל פארורזאכט.

דאָכ האָט שפינאָזע די אָביעקטיווע אורזאכלעכקייַט, נויטווענדיקייַט אונ געזעצמעסיקייַט בלויז דערפירט צו מעכאנישער אורזאכלעכקייַט אונ געזעצמעסיקייַט. אינ שפינאָזעס אופאסנ די נאטור פעלט אנטוויקלונג, קוואליטאטיווע ענדערונגענ. פארשטיינ די נאטור אלס א פארורזאכטלעכטע מאכינע, אָנ דער אנטשטייונג פונ קוואליטאטיוו-נייַע דערשייַנונגענ אונ זאכנ—הייסט פארורטיילנ זי צו שטענדיקער קרייַזארטיקער, פארבלאָזער זעלבסט-איבערכאזערונג, אָנ אנטוויקלונג, אָנ קעסיידערדיקער שטייַגונג פונעמ נידעריקערנ צומ העכערנ. אזא לערע וועגנ אורזאכלעכקייַט געהערט צומ מאטעריאליזמ, אָבער צומ מעכאניסטישנ מאטעריאליזמ. עמעס, פאר שפינאָזענ איז די דאָזיקע לערע געווענ רעוואָליוציאָנער, ווייַל אָנשטאָט דער סכאָלאסטישער מיטלאלטערלעכער טעאָלאָגיש-מיסטישער פאָרשטעלונג וועגנ א ציל-לייגער אינ דער נאטור איז דאָ פראָקלאמירט געוואָרנ איר אורזאכלעכקייַט אונ נויטווענדיקייַט. די סובסטאנצ, די מאטעריע איז דאָ אָנגענומענ געוואָרנ אלס די איינציקע אָביעקטיווע רעאליטעט, ניט געקוקט דערויפ, וואָס די מאטעריע זעט דאָ אויס מאָגער, אבסטראקט, *סכעמאטיש*.

שפינאָזעס לערע וועגנ דעמ זייַנ — סובסטאנצ — אטריבוטנ — מאָדוסנ — איז מאטעריאליזמ. שפינאָזעס מאטעריאליזמ איז אָבער ניט נאָר מעכאניסטיש, ער איז אויכ מעטאפיזיש.

לענינ באטאָנט „די וויכטיקע באדייַטונג פונ שפינאָזעס פילאָסאָפיע אלס פילאָסאָפיע פונ דער סובסטאנצ (דער דאָזיקער שטאנדפונקט— שרייַבט לענינ — איז זייער *הויכ*, נאָר ניט פול, ניט דער סאמע העכסטער: ביכלאל אָפּלייקענענ א פילאָסאָפישע סיסטעמ הייסט ניט אָפּווארפנ זי,

נאָר אנטוויקלענ ווײַטער, ניט פארבײַטנ זי מיט א צווייטער, אנ איינ־זײַטיקער, מיט א קעגנזעצלעכקײַט, נאָר אײַנשליסנ זי אינ עטוואָס הע־כערס)" (לענינ, פילאָסאָפישע העפטנ, ז. 163).

מיט וואָס איז שפינאָזעס סיסטעמ מעטאפיזיש?

אינ דער ערשטער ריי דארפ מענ אָנווײַזנ, אז שפינאָזענ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ דערלייזנ די פּראָבלעמ פונ באוועגונג. בא אימ איז די סובסטאנצ ניט קיינ זעלבסט זיכ ענדערנדיקע אונ זיכ באוועגנדיקע, נאָר א פארגליווערטע, אנ אבסאָליוטע. אונ וויבאלד די סובסטאנצ גע־פינט זיכ אינ אייביקער רו, איז איר איבערגאנג צו מאָדוסנ, צושטאנדנ, קערפּערס בא שפינאָזענ געבליבנ ניט דערקלערט. עמעס, אינ א בריוו צו טשירנהאַוזנ[1] ווײַזט שפינאָזע אָנ, אז דעקארטס פּרינציפּנ פונ דער נאטורוויסנשאפט זײַנענ פאר אימ ניט אָנעמבאר, ווײַל „פונ דער אויס־שפרייטלעכקײַט, אזוי ווי עס פארשטייט זי דעקארט... איז ניט נאָר שווער, נאָר אבסאָליוט אומעגלעכ צו דערווײַזנ די עקזיסטענצ פונ קער־פּערס, ווײַל[2] די רויִקע מאטעריע, אפ וויפל דאָס איז אָפּהענגיק פונ איר אליינ, וועט זיכ קעסיידער געפינענ אינ צושטאנד פונ רו אונ וועט ניט אופוואכנ צו באוועגונג ניט אנדערש, ווי מיט דער הילפ פונ א מער מעכטיקער אויסערלעכער סיבע. אָט פארוואָס איכ האָב זײַנערצײַט קאטעגאָריש דערקלערט, אז דעקארטס פּרינציפּנ פונ דער נאטורוויסנ־שאפט זײַנענ אומנוצלעכ, אויב ניט זאָגנ, אז זיי זײַנענ אנ אבסורד". ווי מיר זעענ, האָט שפינאָזע פארשטאנענ די באגרענעצטקײַט פונ דע־קארטס מעטאפיזישנ פארשטיינ באוועגונג, אָבער אָפּפרעגנדיק דע־קארטנ, האָט ער קיינ נײַע לערע וועגנ באוועגונג, „עטוואָס העכערס" ניט געשאפנ. דאָס מערסטע, וואָס ער האָט דאָ געטאָנ, — ער האָט דער־קלערט, אז באוועגונג איז ניט קיינ געוויינלעכער צושטאנד פונ דער סובסטאנצ, ניט קיינ פּאָשעטער מאָדוס, נאָר אנ אומענדלעכער.

שפינאָזעס קאמפ קעגנ דעקארטנ, כאָטש ער איז געווענ א היסטאָ־

1 א דײַטשישער געלערנטער אונ פילאָסאָפ.

2 לויט דעקארטנ, — מיינט דאָ שפינאָזע.

ריש באגרענעצטער, האָט דאָך געהאט א גרויסע באדייטונג פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פונעם פילאָסאָפישן געדאנק. אין די קאָנקרעטע היסטאָרישע באדינגונגען, אין וועלכע שפינאָזע האָט געלעבט און גע־שאפן, איז אים פריער פאר אלץ אויסגעקומען באקעמפן דעקארטס דוא־ליזם, זיין לערע וועגן צוויי סובסטאנצן, וואָס פון זיי איז דענקען א זעלבשטענדיקע סובסטאנץ. שפינאָזע האָט דאָס מיסטיש־אידעאליסטישע פארשטיין דענקען אלס סובסטאנץ אָפגעוואָרפן און האָט, ווי מיר ווייסן, אָנשטאָט דעם דואליזם פון צוויי סובסטאנצן פארטיידיקט דעם מאָניזם פון צוויי אטריבוטן — אויסשפרייטלעכקייט און דענקען — פון דער איינער סובסטאנץ. קעגנשטעלנדיק דעקארטס דואליזם דעם גענ'אלן געדאנק וועגן דער איינציקער סובסטאנץ, האָט אָבער שפינאָזע פעלערהאפט פאר־שטאנען דענקען אלס אטריבוט פון דער סובסטאנץ. וויבאלד די נאטור געפינט זיך ניט, לויט שפינאָזען, אין זעלבסטאנטוויקלונג, איז אויך דאָס דענקען בא אים ניט קיין רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון דער מאטעריע, ניט קיין באזונדערע, ספעציפישע אייגנשאפט אירע, נאָר דאָס דענקען ווערט בא אים א שטענדיקע אייגנשאפט פון דער מאטעריע ביכלאל.

ווי מיר ווייסן, האָט שפינאָזע ניט פארשטאנען, אז די מאטעריע גע־פינט זיך אין אומופהערלעכער באוועגונג און אנטוויקלונג און אז באַ־וועגונג איז דער אויפן פון דער עקזיסטענץ פון מאטעריע, דעריבער האָט ער טאקע אויך ניט געפונען די דערלייזונג וועגן דער פארהעלטע־ניש צווישן דער מאטעריע און די איינצלנע זאכן — צווישן דער סוב־סטאנץ און די מאָדוסן. די וועלט פון די מאָדוסן, זאכן און דערשיי־נונגען זיינען, לויט שפינאָזען, אין דער סומע די סובסטאנץ, די נאטור ביכלאל. ער זעט ניט איין די פארבינדונג, די פארהעלטעניש פון די זאכן, די אנטוויקלונג פון דער נאטור אין אירע איינצלנע צושטאנדן, די פילארטיקייט פון די פארשיידענע פאָרמען פון דער מאטעריע, דעם איבערגאנג פון איין זאך אין א צווייטער. אזויארום באקומט זיך, לויט אים, אז די סומע פון פריוואטע איז דאָס אלגעמיינע. אזא דערלייזונג פונעם איינצלנעם און אלגעמיינעם איז מעטאפיזיש.

לויטן דיאַלעקטישן מעטאָד ווערט די פאַרהעלטעניש צווישן איינצל־נעם און אלגעמיינעם אופגעפאסט אינגאנצן אנדערש. א געניאַלע פאָר־מולירונג געפינען מיר וועגן דער דאָזיקער פּראָבלעם בא לענינען: „דאָס איינצלנע עקזיסטירט ניט אנדערש, ווי אין דער פאַרבינדונג, וואָס פירט צום אלגעמיינעם. דאָס אלגעמיינע עקזיסטירט בלויז אינעם איינצלנעם, דורך דעם איינצלנעם. יעדעס איינצלנעס איז (אזוי אָדער אנדערש) דאָס אלגע־מיינע. יעדעס אלגעמיינעס איז א טיילכל (אָדער א זייט אָדער דאָס וועזן) פונעם איינצלנעם. יעדעס אלגעמיינעס כאפט נאָר אומגעפער ארום אלע איינצל־נע געגנשטאנדן. יעדעס איינצלנעס גייט אריין ניט־פול אינעם אלגעמיי־נעם אאַוו. יעדעס איינצלנעס איז דורך טויזנטער איבערגאנגען פאַרבונדן מיט אַן אנדער מין איינצלנעם (זאכן, דערשיינונגען, פּראָ־צעסן) אאַוו." (לענין, ב. XIII, ז. 302—303).

איצט, ווען עס איז קלאָר געוואָרן שפינאָזעס פילאָסאָפישע סיסטעם, זיינען לערע וועגן סובסטאנץ און מאָדוסן, וועט ניט שווער זיין צו בא־נעמען זיינע אָנשויונגען וועגן דעם מענטשן און זיין אָרט אין דער נאטור, אין אלוועלט.

לויט שפינאָזען איז דער מענטש, פאַרשטייט זיך, ניט קיין סוב־סטאנץ. די סובסטאנץ איז דאָך אַן איין־און־איינציקע, זי עקזיסטירט אייביק, זי איז א קאדמען. דער מענטש איז א זאך, א צייטווייליקע, א רעלאַטיווע, און זיין עקזיסטענץ איז באדינגט דורך אויסערלעכע סי־בעס. אזויארום איז דער מענטש בלויז א צושטאנד פון דער סובסטאנץ, א מאָדוס. „דאָס וועזן פון דעם מענטשן, זאָגט שפינאָזע, שליסט אין זיך ניט איין קיין נויטווענדיקע עקזיסטענץ, ד.ה. אינעם סיידער פון דער נאטור איז מעגלעך אזוי, אז דער אָדער יענער מענטש זאָל עק־זיסטירן, און מעגלעך אזוי, אז ער זאָל ניט עקזיסטירן". און ווייטער: „דער מענטש דענקט" („עטיק"). א מענטש איז, פון שפינאָזעס שטאנד־פונקט, א זאך צווישן זאכן, וואָס עקזיסטירט ניט זעלבשטענדיק. פון אלע זאכן טיילט ער זיך אויס בלויז דערמיט, וואָס ער דענקט.

דער מענטש איז קערפּערלעך און האָט א נעשאָמע, ער דענקט. ער איז די איינהייט פון קערפּער און גייסט. די מענטשלעכע נעשאָמע—

לערנט שפינאָזע — געהערט דעם מענטשלעכנ קערפער, אונ דער קערפער איז איר אָביעקט. אלע איבעריקע קערפערס, וועלכע זײַנענ, לויט שפינאָזענ, אי אויסשפרייטלעכ אי דענקענד, פארמאָגנ ניט די אידיי וועגנ זיכ אלײנ אלס אָביעקטנ. שפינאָזע שרײַבט: „אלס אָביעקט פונ דער אידיי — דאָסגלײַכנ פונ דעם מענטשלעכנ גײַסט, דינט דער קערפער, אנדערש גערעדט, א באשטימטער מאָדוס פונ אויסשפרייטלעכקײַט, וועלכער עקזיסטירט אינ דער ווירקלעכקײַט, אונ גאָרניט מער" (דאָרט). פונ דעם איז געדרונגענ, אז דער באוווסטזײַנ איז א פראָדוקט פונ דער מענטשלעכער קערפערלעכער אָרגאניזאציע, אונ די פארשיידענע צושטאנדנ פונעמ באוווסטזײַנ זײַנענ אָפהענגיק פונ דער דאָזיקער קערפערלעכער אָרגאניזאציע. פונדאנענ גייט שפינאָזעס מאטעריאליסטישע פאָרמול: „דער סיידער אונ די פארבינדונג פונ די אידייענ איז דער זעלבער, וואָס דער סיידער אונ די פארבינדונג פונ די זאכנ" (דאָרט).

די אופנעמפייִקײַט פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע איז זייער א ברייטע. זי איז פייִק אופצונעמענ זייער פיל, אונ אינ וואָס מער צושטאנדנ עס געפינט זיכ דער קערפער, אלצ ברייטער ווערנ די דאָזיקע פייִקײַטנ. לערנענדיק, אז דער מענטש איז א מאָדוס צווישנ מאָדוסנ, מוז אָבער שפינאָזע דערלאָזנ, אז צומ פארהיטנ זײַנ עקזיסטענצ נייטיקט זיכ דער מענטשלעכער קערפער אינ פיל אנדערע קערפערס, ס'הייסט, — דער מענטש פילט אפ זיכ פיל ווירקונגענ פונ א סאכ אויסערלעכע זאכנ. אונ וויבאלד אלע ענדערונגענ פונ דעמ מענטשלעכנ קערפער ווערנ דורכ דער נעשאָמע אופגענומענ, הייסט עס, אז די נעשאָמע נעמט אופ זייער פיל זאכנ. די נעשאָמע פאסט אופ כוצ איר עצעמ קערפער אויכ פיל אנדערע קערפערס.

„דאָס ערשטע, — שרײַבט שפינאָזע, — וואָס באשטימט דעמ ווירקלעכנ זײַנ פונ דער מענטשלעכער נעשאָמע, איז ניט אנדערש, ווי די אידיי וועגנ דער אײנצלנער זאכ, וועלכע עקזיסטירט אינ דער ווירקלעכקײַט" (דאָרט). שפינאָזע קומט, אזויארומ, צומ מאטעריאליסטישנ אויספיר, אז די אָביעקטנ פונ דער דערקענונג עקזיסטירנ אויסער דעמ באוווסטזײַנ, דער באוווסטזײַנ נעמט אופ די ווירקלעכע זאכנ, וועלכע ליגנ אויסער אימ.

דער מענטש איז א טייל פונ דער נאטור, זײַנ קערפער אונ זײַנ נעשאָמע געהערנ איר. אלס טייל פונ דער נאטור טראָגט ער איבער פיל ענדערונגענ; וואָס מער עס זײַנענ די דאָזיקע ענדערונגענ, אלצ ברייטער זײַנענ די מעגלעכקײַטנ פאר דערקענונג, אונ „אינ דער פארפולקומונג פונ אונדזער דערקענונג אָדער פונעם פארנונפט — אינ דעם אליינ איז דאָס העכסטע גליק אָדער גליקזעליקײַט פונ דעם מענטשנ" (דאָרט). וואָס ברייטער אונ טיפער דער מענטש דערקענט די נאטור, אלצ ריכטיקער ווירקט אופ דער מענטש אפ דער נאטור אונ אלצ מער ווערט ער פרײַ. דער דאָזיקער געדאנק האָט באפרוכפערט די קומענדיקע רעוואָליוציאָנערסטע פילאָסאָפיע, וואָס האָט געלייזט די פראָבלעם פונ פרײַהײַט אונ נויטווענדיקײַט, פארשטייענדיק פרײַהײַט, אלס דערקענטע נויטווענדיקײַט. דער מענטש איז ניט פרײַ — זאָגט שפינאָזע — קאָלזמאנ ער ווייסט ניט די סיבעס פונ די אלע זאכנ, פונ וועלכע ער ווערט באווירקט. אונ ניט ווייסנדיק די דאָזיקע סיבעס, קאָנ דער מענטש צוריק די זאכנ ניט באווירקנ. זײַנ פרײַ הייסט דערקענענ די זאכנ פונ דער רעאלער אָביעקטיווער וועלט. אלזאָ, די מענטשלעכע פרײַהײַט, לערנט שפינאָזע, איז אָפהענגיק פונ דער פארפולקומונג פונעם פארנונפט. אונ פארפולקומענ דעם פארנונפט הייסט אדעקוואט דערקענענ די אלוועלט.

ווי דערגרייכט דער מענטש צום אדעקוואטנ וויסנ?

שפינאָזע רעכנט אויס פיר אופאסונגס-מיטלענ. עס איז דאָ אנ אופאסונג, וואָס מיר באקומענ פונ אָנהערנ זיכ. עס איז דאָ אנ אופאסונג, וואָס מיר באקומענ פונ צופעליקער דערפארונג. די דאָזיקע צוויי אופאסונגס-מיטלענ דופט שפינאָזע אָנ ע מ פ י נ ד ל ע כ ע  ד ע ר ק ע נ ו נ ג. צום בײַשפיל: פונ אָנהערנ זיכ דערוויס איכ זיכ, אז איכ בינ געבוירנ געוואָרנ אינ אזא אונ אזא יאָר, מאָנאט, טאָג, שאָ; פונ צופעליקער דערפארונג דערוויס איכ זיכ, אז וואסער לעשט פײַער, אז איכ בינ שטערבלעכ אדג. עס איז נאָכ דאָ אנ אופאסונג, וואָס מיר באקומענ דורכ אורטיילנ וועגנ איינ זאכ מיט דער הילפ פונ א צווייטער. צום בײַשפיל: נאָכ דעם, ווי איכ האָב דערלערנט דעם טאָכ פונ מײַנ ריִע, קאָנ איכ זאָגנ, אז די זונ איז א סאכ גרעסער פונ דעם, ווי זי ווײַזט מיר אויס. דאָס

דאָזיקע אופאסונגס-מיטל רופט שפינאָזע אָנ *ראציאָנעלע*, *פארנינפטלעכע דערקענונג*. עס איז, ענדלעכ, דאָ נאָכ אנ אופאסונג, בײַס דאָס וועזנ פונ א זאכ ווערט דערקענט פונ דער זאכ זעלבסט. אָט דאָס לעצטע אופאסונגס-מיטל רופט ער אָנ *אינטויִטיווע דערקענונג*.

די ערשטע צוויי דערקענונגס-אויפאנימ, וועלכע שפינאָזע שטעלט פעסט, שטימענ מיט זײַנ מאטעריִאליסטישער אונ ראציאָנאליסטישער וועלט-אָנשויונג. אָנ עמפּינדלעכער, ווי אויכ אָנ ראציאָנעלער דערקענונג קאָנ זיכ דער מענטש ניט באגיינ. וואָס איז שײַעכ אָבער דעמ דריטנ דערקענונגס-אויפנ, — דער אינטויִטיווער דערקענונג, — האָט זי ניט קיינ שומ שײַכעס צומ מאטעריִאליזמ, וואָרעמ אונטער דעמ דאָזיקנ אויפנ פונ דערקענונג פארשטייט שפינאָזע אזא דערקענונג, וואָס שליסט אינגאנצנ אויס דעמ אָנטייל פונ עמפינדונג אונ די זאכ אנטפּלעקט זיכ, קלוימערשט, דעמ פארנונפט אומיטלבאר.

אינ דער „עטיק” דערקלערט שפינאָזע, אז די עמפינדלעכע דערקענונג איז די דערקענונג פונ איינצלנע זאכנ — דאָס איז פאסיווע דערקענונג. דער דאָזיקער פאסיווער צושטאנד פונ דעמ מענטשלעכנ גײַסט פארשאפט דעמ מענטשנ פיל ליידנ. די ראציאָנעלע דערקענונג איז שוינ אקטיוו. דער מענטש שאפט אקטיוו פאָרשטעלונגענ, באגריפנ, אבסטראקציעס אונ אָפּערירט מיט די געשאפענע לאָגישע פיגורנ. אָט די פאראלגעמיינערנדיקע דערקענונג פארשאפט שוינ דעמ מענטשנ פארגעניגנ. די אינטויִטיווע דערקענונג איז בא שפינאָזענ דער העכסטער אקטיווער צושטאנד, ווענ דער מענטש קומט אינ אינטימער איינהײַט מיט דער סובסטאנצ, — דאָס איז די העכסטע גליקזעליקײַט פונעמ מענטשנ, די העכסטע שטופע פונ זײַנ פארפולקומונג, די מאדרייגע פונ אדעקוואטנ וויסנ.

ניט געקוקט אפ די פעלערנ, וואָס זײַנענ פאראנ אינ שפינאָזעס לערע וועגנ דער דערקענונג, האָט זי דאָכ פאר זײַנ צײַט געהאט א פּראָגרעסיווע באדײַטונג, וואָרעמ אינעמ יעסאָד פונ זײַנ פילאָסאָפיע האָט ער געלייגט דעמ פארנונפט אונ ענדגילטיק אָפּגעוואָרפנ די מיסטיק. בלויז דער פארנונפט, האָט שפינאָזע געפּריידיקט, קאָנ געבנ אנ אויסשעפּנדיקע דערקלערונג פונ דער וועלט. פארנונפט, ראציאָ, לאָגיק — דאָס איז די העכסטע

אינסטאנצ באַם אורטיילנ וועגנ וועלט-עקזיסטענצ אונ וועלט-געזעצמעסיקייַט. אָנשטאָט גאָט — די נאטור, אָנשטאָט איראציאָנעלקייַט — ראציאָנאַליזם — אָט וואָס עס אנטהאלט אינ זיך שפינאָזעס דערקענונגס-טעאָריע.

אזויארום איז שפינאָזעס פילאָסאָפיע די פילאָסאָפיע פונעם מענטשנ, וואָס זוכט זייַנ נאטירלעכ גליק אינעמ פארנינפטלעכנ פארשטייַנ די נאטירלעכע וועלט. אָבער די דאָזיקע פילאָסאָפיע האָט ניט אייַנגעזענ, אז דער מענטש איז ניט בלויז א נאטירלעכ וועזנ, נאָר א מענטשלעכ וועזנ, דה. א פראָדוקט פונ געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ, אונ דערפאר האָט זיך איר ניט אייַנגעגעבנ פעסטצושטעלנ, וואָס איז אזוינס דאָס עמעסע גליק פונ דעם געזעלשאפטלעכנ מענטשנ.

העכער הונדערט יאָר איז שפינאָזעס פילאָסאָפיע ווייניק געווענ באוווסט. ערשט סאָפ XVIII יאָרהונדערט, ווענ צווישנ מענדעלסאָנענ אונ יאקאָבי איז פאָרגעקומענ די באוווסטע קריג איבער דעמ, וויאזוי האָט זיך לעסינג באצויגנ צו שפינאָזענ, ערשט דאנ האָט זיך צום שפינאָזיזמ באוויזנ א קאָלאָסאלער אינטערעס. וועגנ אונ ארום שפינאָזענ איז אָנגעשריבנ געוואָרנ זייער פיל ווערק. די אידעאליסטנ האָבנ געפרווט, אויסנוצנדיק די פעלערנ פונ שפינאָזעס סיסטעמ, פארקריפלענ זייַנ גאנצע לערע אונ פארעכענענ אימ אינ לאגער פונ די מיסטיקער. פאלסיפיצירנ שפינאָזענ איז אָבער אומעגלעכ. שפינאָזיזמ איז מאטעריאליזמ. שפינאָזע, זייַנ אטעיסטיש-מאטעריאליסטישע פילאָסאָפיע געהערט צו דעמ אלעמ, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ אונ ווערט געשאפנ דורכ דער פאָרגעשריטענער אונ פראָגרעסיווער מענטשהייַט.

# שלוימע מײַמאָנ

## I. זײַנ לעבנס־וועג

שלוימע מײַמאָנ האָט דורכגעמאכט א מערקווירדיקנ אומגעהייער־שווערנ וועג פונ אנ אילוי ביז צו א פילאָסאָפ מיט אנ אייראָפּייִשנ נאָמענ. ביז 24 יאָר האָט ער געלעבט אינ א סוויווע, ווו ווילדער אָבסקוראנטיזמ אונ רעליגיעזע אָבערגלויבענישנ האָבנ געהערשט איבעראל, ווו דער גאנצער לעבנשטייגער, דער גאנצער ארט דענקענ איז געווענ דורכגעדרונגענ מיט טעאָלאָגיע אונ רעליגיעזער עקזאלטאציע. אינ דער פארדומפּענער אטמאָספער פונ ראבאָניש-לאמדאָנישער כקירעניש — אָט דאָרט האָט פונ זיכ צום אלעמערשטנ געלאָזט וויסנ מײַמאָנס קריטישער אונ פרײַדענקערישער אינטעלעקט, וואָס האָט ארויסגעוויזנ זײַנ פיל אָנזאָגנדע קראפט.

מײַמאָנענ איז געווענ אומגעהייער ענג אינ דער ארומרינגלונג פונ לאָמדימ, קאבאליסטנ, ראבאָנימ אונ גלאט „הייליקע יידנ". עס האָט אימ ניט באפרידיקט דער גײַסטיקער שטאָפ פונעמ טאנאכ אונ טאלמוד. ער האָט געזענ, אז די טוירע איז אָפּגעריסנ אונ אָפּגעזונדערט פונ דעמ עמעסנ, פּראקטיש-געזעלשאפטלעכנ לעבנ. זי דערציילט וועגנ זאכנ, וואָס זײַנענ שוינ לאנג אָפּגעשטאָרבנ, אָדער, וואָס זײַנענ לעכאטכילע אויסגעטראכט געוואָרנ צוליב רעליגיעזע צוועקנ. ניט דאָס אינטערעסירט, ניט דאָס פארכאפּט מײַמאָנענ. ער זוכט עמעסע בילדונג אונ וויסנשאפטנ, וואָס זאָלנ אימ געבנ די מעגלעכקײַט צו פארשטיינ, באנעמענ, דערקענענ די נאטור, איר טאָכ אונ מעהוס.

געבוירנ געוואָרנ איז מײַמאָנ אינ 1754 יאָר אינ איינעמ פונעמ



שלוימע מײמאָן

פירשט ראדזיווילס דערפער, ניט ווייט פונ דער שטאָט מינצ, ארומ נעסוויזש, דעמלט פוילנ. דאָס גאנצע לעבנ אינ פוילנ איז געפלאָסנ ווי פארצייטנס, אפ אלצ איז געלעגנ דאָס שטעמפל פונ מיטלאלטער. אינ פארגלייכ מיטנ דעמלטיקנ רוסלאנד איז פוילנ געווענ אנ אָפגעשטאנענ לאנד. „רוסלאנד האָט אופגענומענ א סאכ מער עלעמענטנ פונ דער אופקלערונג אונ, באזונדערס, עלעמענטנ פונ דער אינדוסטריע, איידער דאָס גאנצע, לויט דער עצעמ נאטור זיינער פריצישע, פוילנ” (ק. מארקס אונ פ. ענגעלס, ווערק, ב. XXI, ז. 211).

שלוימע מיימאָנס זיידע — יוסעפ היימאנ האָט געהאלטנ די ארענדע אינ אייניקע פונעמ פירשט ראדזיווילס דערפער. דער זיידע איז, לויט שלוימעס כאראקטעריסטיק, געווענ א קארגער נאָגיד, א קליינלעכ-אויסגערעכנטער ייִד, אנ אקשנ. דער שטייגער אינעמ זיידנס הויז איז געווענ איינגעפירט אפנ פאטריִארכאל-מיטלאלטערלעכנ שניט. שלוימע מיימאָנס פאָטער, יעהושע, אויכ אנ ארענדאר, „האָט איינגעפירט אינ הויז א שענערנ שטייגער-לעבנ, באזונדערס, ווייל ער האָט געהאנדלט מיט קעניגסבערג אונ פרייסנ... ער האָט איינגעשאפנ אינ שטוב צינענע אונ מעשענע געשיר. מע האָט אָנגעהויבנ בעסער צו עסנ אונ שענער זיכ קליידנ ווי פריִער” (מיימאָנ, „לעבנסגעשיכטע”). צו זעקס יאָר האָט דער פאָטער אָנגעהויבנ לערנענ שלוימענ כומעש. מיימאָנ דערציילט, אז באלד ווי ער האָט זיכ באקאנט מיטנ ערשטנ פאָסעק פונ דער ביבל, — „אינ אָנהייב האָט גאָט באשאפנ הימל אונ ערד”, האָט ער איבערגעריסנ דעמ פאָטער אונ געפרעגט: „אָבער, טאטע, ווער האָט גאָט באשאפנ?” דער פאָטער האָט געשטרעבט צו דערציִענ זיינ זונ אינ רעליגיעזנ גייסט. דאָס קליינע קינד האָט אָבער פארמאָגט פיל לעבנסלוסט אונ האָט זיכ אפ א קינדערישנ אויפנ געפרווט קעגנשטעלנ דעמ פאָטערס טראדיציאָנעל-רעליגיעזער לערע וועגנ די פארבייגייענדיקע גליקנ פונ דער נארישער וועלט. מיימאָנ דערציילט, אז איינמאָל באמ לערנענ כומעש האָט מיט אימ דער פאָטער איינגעכאזערט די לעגענדע וועגנ יאנקעוונ אונ אייסעוונ, וואָס האָבנ צווישנ זיכ קלוימערשט צעטיילט אלע גיטער פונ דער וועלט. דערביי האָט אייסעוו אויסגעקליבנ די גיטער פונ

אוילעמהאזע, און יאנקעוו — די גיטער פון אוילעם-האבע. און וויבאלד מיר שטאמען פון יאנקעוון, האָט מיט אים דער פאָטער איינגעקנעלט, מוזן מיר זיך אָפּזאָגן פון די נארישע און פוסטע גליקן פון דער-וועלט. דערויף האָט אים דאָס קליינע יינגל אָפּגעענטפערט: „עס וואָלט קליגער געווען, ווען יאנקעוו קלייַבט בעסער אויס די גיטער פון דער-וועלט" (דאָרט).

שלוימע האָט אָפט געוויַיכט פונעם לערנען און האָט זיך אינטערעסירט מיט פיל זאכן, וואָס האָבן קיין שום שייַכעס ניט געהאט מיטן כומעש און טאלמוד. אין אזוינע פאלן פלעגט אים דער פאָטער שטרענג באשטראָפן און מוסערן: „דו מוזט לערנען געמאָרע און ווערן א ראָוו! ווער עס פארשטייט געמאָרע, דער פארשטייט אלץ". איבעריקנס, האָבן די פארפאָלגונגען און די שטראָף-רייד קיין גרויסע פולע ניט געהאט.

מייַמאָן דערציילט: „מייַן פאָטער האָט אין זייַן אלקער געהאט א שראנק מיט ספאָרים. ער האָט מיר, עמעס, פארווערט צו לייענען אלע אנדערע ביכער אויסער דעם טאלמוד, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. העיויס מייַן פאָטער איז דאָסראָוו געווען פארייסעקט מיט איניאָנים, האָב איך אויסגענוצט די צייַט און האָב מיך מיט נייַגעריקייַט א נעם געטאָן צום שראנק, דורכגעבלעטערט אלע ספאָרים, און אזוי ווי איך האָב שוין גאנץ גוט געקענט העברייִש, האָב איך אין אייניקע ספאָרים באקומען מער אינטערעס ווי אינעם טאלמוד" (דאָרט). צווישן דעם פאָטערס ביכער געפינט מייַמאָן א העברייִשע כראָניק „צעמעך דאָוויד" און א בוך איבער אסטראָנאָמיע פון דעם זעלבן אווטאָר. דער בוך איבער אסטראָנאָמיע האָט באזונדערט פארכאפּט דעם יונגן שלוימע. באנאכט, ווען אלע שלאָפן, פלעגט דאָס זיבניאָריקע יינגל אָנצינדן א קינעלע און זיך פארטיפן אינעם געבוי פונעם הימל-געוועלב. זיך באקענט מיטן בוך, האָט דאָס יינגעלע אליין אויסגעפלאָכטן פון ריטער א גלאָבוס.

ווען שלוימע ווערט אלט זיבן יאָר, גיט אים דער פאָטער אָפּ אין כיידער. „דער כיידער איז געווײנלעך א קליינע ענגע דירע פול מיט רויך, און די קינדער זייַנען צעזייט און צעשפּרייט אָפּ די בענק, טייל־וויַיז אָפּ דער הוילער ערד. דער מעלאמעד זיצט אפן טיש אין א שמו־

ציק העמד, האַלט צווישן די פּיס א שאָל, ווו ער רײַבט מיט א גרויסן שטעקן שמעק-טאַבעק, און מיטן שטעקן קאָמאַנדעוועט ער אין דער זעלבער צײַט מיט זײַן פּאָלק. די באַהעלפערס מאַכן זייערע איבונגען מיט די קינדער איטלעכער אין זײַן ווינקל און באַהאַנדלען זיי אַזוי דעספּאָטיש, ווי דער מעלאַמעד אַליין... אין אָט די דאָזיקע כאַדאָרים זײַנען עס די קינדער געוועזן פאַרשפּאַרט פון פרימאָרגן ביז אין אָוונט און האָבן גאָר ניט געהאַט קיין פרײַע רעגע" (דאָרט). אין דער דאָזיקער שמוציקער גרוב איז דאָס קינד אינגיכן קראַנק געוואָרן, און מע האָט עס אָפּגענומען פון כײדער. אין דער זעלבער צײַט גראָד האָט זיך דער פאָטער אופגעהויבן פונעם אַלט-באַזעסענעם אָרט, און נאָך לאַנגע וואָגלענישן האָט ער זיך באַזעצט מיט דער מישפּאָכע אין א דאָרף ניט ווײַט פון איווענעץ. שלוימען גיט ער אָפּ אין דער איווענעצער יעשיווע — נאָך אַן ערגערער קייווער פונעם כײדער. אין דער יעשיווע לערנט ער דעריקער טאַלמוד, און צו נײַן יאָר איז ער שוין אַזאַ באָקי אין טאַלמוד, אַז ער איז בעקויעכ געווען אַרײַנצולאָזן זיך אין פּילפּל. אינגיכן קריגט שלוימע סמיכעס אַפּ ראַבאָנעס. דער פאָטער האָט זיך זײַנס דערשלאָגן.

עס איז געקומען די צײַט צו טראַכטן וועגן „טאַכלעס". שלוימע איז שוין אַלט עלף יאָר. לויט די באַרבאַרישע פאָרשטעלונגען פון יענער צײַט, האָט מען א באָכערל פון אַזאַ עלטער ניט געטאָרט לאָזן „פאַרזעסן" ווערן, און מע האָט זיך גענומען אײַסעקן אַרום א שידעך. זײַן פאָטער רעכנט דערבײַ דורכן שידעך פאַרבעסערן דעם נידעריקן מאַטעריעלן מאַצעוו פון דער גאַנצער פאַמיליע. דאָס קנאַסמאָל פונעם יונגן אילוי ווערט א מין געשעפטל. שלוימע ווערט גלײַכצײַטיק פאַרקנאַכט פאַר צוויי קאַלעס. נאָך דער כאַסענע ווערט ער א שקלאַפּ פון זײַן פרוי און שוויגער. „מײַן לעבן אין פוילן, דערציילט מײַמאָן, זינט מײַן כאַסענע ביז צו מײַן אויסוואַנדערונג קיין אויסלאַנד — א פּעריאָד, וואָס נעמט אַרום דעם בליִענדיקן פרילינג פון מײַן לעבן — איז געווען א קייט פון אָרעמקײַט און עלנט, פון אַלערליי מינים פּײַן און צאָרעס" (דאָרט).

דאַרשט צו וויסן. גוואַלדיקן זײַן דערשטיקן זיך אין מוז מײַמאָן
מײַמאָן מוז אין זיך דערשטיקן זײַן גוואַלדיקן דאַרשט צו וויסן.
די געדריקטע מאַטעריעלע לאַגע צווינגט אים צו פאַרנעמען זיך מיט
מעלאַמדעס, און דאָס יונגע מעלאַמעדל צאַפּלט זיך און וואַרפט זיך אין
אַלע זײַטן, זוכנדיק ערגעץ אַ שטראַל פאַר גײַסטיקער שפּראָצונג.
ער דערוויסט זיך, אַז דער אָרטיקער מאַגיד פאַרנעמט זיך מיט קאַבאָלע[1].
עפּשער וועט קאַבאָלע ברענגען צום ציל — לעשן דעם פײַערדיקן ברען
נאָך וויסן. שלוימע ווערט אַן אָפּטער אַרײַנגייער צום מאַגיד און הייבט
אָן, לויט יענעמס אָנווײַזונגען, זיך באַשעפטיקן מיט קאַבאָלע. אָבער „די
באַשעפטיקונג מיט דער קאַבאָלע-ליטעראַטור, דערציילט מײַמאָן, האָט
מיך איבערגעלאָזט אומבאַפרידיקט” (דאָרט). ער איז אַנטוישט, צעשטערט
איז זײַן האָפענונג. געוואָלט און געזוכט די דערקענונג פון זאַכן אין
זייער נאַטירלעכער שײַן, און געפונען ווילדע, מיסטיש-פאַרנעפּלטע כע־
זשבוינעס פונעם וועלט-גאַנג.

אין דער צווייטער העלפט XVIII יאָרהונדערט איז, ווי באַוווּסט,
צווישן די פּוילישע יידן אויפגעקומען די רעליגיעז-מיסטישע באַוועגונג
אונטערן נאָמען כאַסידיזם. מײַמאָן האָט וועגן דער דאָזיקער באַוועגונג
געהערט, נאָר קיין גענויע פאָרשטעלונג האָט ער וועגן איר ניט געהאַט.
ווער ווייסט, עפּשער וועט ער דאָרט געפינען שפּײַז פאַר זײַן זוכנדיקן,
בענקענדיקן גײַסט? און ער באַשליסט מאַכן אַ נעסיע צו איינעם פון
די גרונטלייגער פונעם כאַסידיזם — צו רעב בער פון מעזשעריטש. ער
האָט בלויז עטלעכע טעג פאַרבראַכט באַם מעזשעריטשער און האָט פאַר
דער דאָזיקער קורצער צײַט באַוויזן אויפצודעקן די קונציקע שפּיצלעך
פון דעם הייליקן באַטלען און פון זײַנע מעקוראָווים. פאַנאַטיזם, מיס-
טיק, גראָבע לעצאָנעס, שיגאָען-פרייד — אָט וואָס מײַמאָן האָט דאָ דער-
זען. דעם צאַדיקס קונסט צו לייענען „פרעמדע מאַכשאָוועס” דערקלערט
מײַמאָן דערמיט, וואָס דער מעזשעריטשער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט
אַ כאַפּטע שפּיאָנען, וועלכע פלעגן פאַרפריער אויספרעגן די סוידעס
פון דעם רעבנס באַזוכער. פאַלשע, שעדלעכע און נידערטרעכטיקע פרינ-

[1] אַ יידישע רעליגיעז-מיסטישע פילאָסאָפיע.

ציפּנ (ביטל-האיעש [1]), שרײַבט מײַמאָנ, ליגנ אינ יעסאָד פונעם כאַסידיזמ. דורכ די דאָזיקע פּרינציפּנ „האָבנ געזאָלט אָפּגעשאַפט ווערנ אַלע ווענג פונ דענקענ אונ האַנדלונג, וואָס זײַנענ אײַנגעוואָרצלט אינ דעמ מענטשנ דורכ דערציִונג, געוווינהײַטנ אונ יעדיִעס" (דאָרט). מײַמאָנ, וועלכער האָט געזוכט נאָר עמעסע דערקענונג, קלאָרנ פאַרשטאַנד וועגנ דער וועלט-עקזיסטענצ אונ וועלט-אַנטוויקלונג, האָט דעריבער אַפ לאַנג זיכ ניט פאַרהאַלטנ אינ מעזשעריטש אונ זיכ גלײַכ אָפּגעזעגנט מיט דער ווילדער סוויווע.

אינעמ אָפּגעשטאַנענעמ פּוילנ, האָט מײַמאָנ געפילט, וועט ער אַפנ עמעסנ וועג פונ וויסנ ניט אַרויסגײנ.

די פּריצימ האָבנ מיט דער הילפ פונ דער רעליגיע אונ די גײַסטלעכע געהאַלטנ דאָס פאָלק אינ א שוידערלעכנ קלעמ פונ פינצטערניש. דער ראַבאָניזמ האָט ניט דערלאָזט דעמ מינדסטנ פונק פונ אויפקלערונג אונ אונטערגעריסנ אינ סאַמע וואָרצל יעדע אַנטפּלעקונג פונ פרײַדענקערישקײַט. „אינ לערנענ אָדער אינ וויסנשאַפטנ, דערציילט מײַמאָנ, האָבנ די פרומע ייִדנ אײַנגעזענ עטוואָס אַזוינס, וואָס שטעלט אינ סאַקאָנע דעמ גלויבנ אונ די גוטע מידעס. באַזונדערס האָבנ זיי געשטעלט אונטער א כשאַד די האַסקאָלע פונ די פּוילישע געלערנטע, וואָס האָבנ דורכ א גליקלעכנ צופאַל זיכ באַפרײַט פונ דער שקלאַפערײַ פונ אָבערגלויבענישנ — פּלוצלינג דערזענ דאָס ליכט פונ סייכל אונ זיכ באַפרײַט פונ די פריִערדיקע קייטנ". אָבער מײַמאָנ האָט קיינ מוירע ניט פאַר דער ראַבאָנישער קליקע. זײַנ טעמפּעראַמענטפולע נאַטור פאַרטראָגט ניט קיינ פאַלשקײַט. ברעכנדיק אַלע צאַמענ, באַקענט ער זיכ מיט דער וועלטלעכער ליטעראַטור, לייענט „טומע"-ביכער, אונ דאָס צעפלאַקערט נאָכ שטאַרקער זײַנ כיישעק צו דעראָבערנ גרויסע קענטעניש. צוליב דעמ איז אָבער נייטיק דערלערנענ שפּראַכנ, וואָרעמ די וועלטלעכע ליטעראַטור אינ העברייִש איז דעמאָלט געווענ זייער אַנ אָרעמע, אונ מײַמאָנ נעמט זיכ צו שפּראַכנ. מערקווירדיק איז דאָס מיטל, מיט וועלכנ מײַ-

1 צונישט מאַכנ דעמ „יעש", דעמ קערפּערלעכנ „איכ".

מאָן הייבט אָן לערנען שפּראַכן. ער דערטאַפּט אַ גראָבן סייפער, וואָס איז פון פאָרנט נומערירט מיט די אויסיעס פונעם העברעיִשן אַלעפבייס, און ווײַטער, אַף וויפל דער בוך האָט אַנטהאַלטן מער זײַטלעך, ווי די צאָל אויסיעס פונעם העברעיִשן אַלעפבייס, זײַנען די זײַטלעך געווען נומערירט מיט די בוכשטאַבן פונעם לאַטײַנישן אַלעפבייס. מײַמאָן פאַרגלײַכט נאָכאַנאַנד די בוכשטאַבן פונעם לאַטײַנישן אַלעפבייס מיט די בוכשטאַבן פונעם העברעיִשן — און אַזוי לערנט ער זיך פרעמדע שפּראַכן.

אַזוי שטאַרק איז מײַמאָנס דראַנג צו אַלגעמיינער בילדונג. „דאָס אָרט פון שקלאַפערישער גאָטעסדינסט האָט פאַרנומען די פרײַע אויסבילדונג פון דער דערקענטעניש־קראַפט, און מאָראַל און פולקומענהײַט, שרײַבט מײַמאָן, האָב איך אָנערקענט פאַר דער באַזע פון עמעסן גליק" (דאָרט).

די אומדערטרעגלעכע פאַמיליען־פאַרהעלטענישן, דאָס ניט קענען באַפרידיקן דעם ווילן צו דערלערנען וויסנשאַפטן שטויסן מײַמאָנען צום באַשלוס — פאַרלאָזן די היים. מיט דער הילף פון איינעם אַ סוחער לאָזט ער זיך אַוועק קיין דײַטשלאַנד און קומט אָן קיין קעניגסבערג.

„ווי איך בין אַהין אָנגעקומען, דערציילט מײַמאָן, בין איך גלײַך אַוועק צום דאָרטיקן יידישן דאָקטער ה. איך האָב אים דערציילט וועגן מײַן פאַרלאַנג צו שטודירן מעדיצין און געבעטן בא אים אַ גוטע אייצע און אונטערשטיצונג. דער דאָזיקער דאָקטער... האָט מיך אָפּגעשיקט צו אייניקע סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט בא אים אין הויז. אַז די דאָזיקע סטודענטן האָבן מיך דערזען און האָבן דערהערט מײַן פאַרלאַנג, האָבן זיי זיך צעלאַכט אַף אַ קאָל... שטעלט זיך פאָר אַזאַ מין בילד: אַ פּויליש־ליטווישער יונגערמאַן פון אומגעפער אַ יאָר פינף און צוואַנציק, מיט אַ גאַנץ גרויסער באָרד, אין צעריסענע שמוציקע קליידער, וואָס רעדט אַף אַ לאָשן — אַ מישמאַש פון העברעיִש, יידיש־דײַטש, פּויליש און רוסיש... און ער פאַרזיכערט, אַז ער קאָן די דײַטשישע שפּראַך און האָט יעדיעס אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטן" (דאָרט). פון אַ קורצן שמועס מיט מײַמאָנען האָבן זיך אָבער די סטודענטן געמוזט איבערצײַגן, אַז דער דאָזיקער פּוילישער ייִד מיט דער לאַנגער באָרד אין די שמוציקע מאַלבושים ניט נאָר ער פאַרשטייט דײַטש, נאָר ער

דענקט טיף, זעלבשטענדיק און אײגנאַרטיק. דעריבער ראָטן זײ מײַמאָ־נען פֿאָרן קײן בערלין, װײַל נאָר דאָרט װעט ער זיך קאָנען לערנען מעדיצין און אַנדערע װיסנשאַפֿטן.

נאָך גרױסע מאַטערנישן און פּײַן קומט מײַמאָן אָן קײן בערלין. אָבער די אָרטיקע קהילה נעמט אָן מײַמאָנען פֿאַר אַ שפּיאָן און דער־לױבט אים ניט פֿאַרבלײַבן אין שטאָט. „דאָס, װאָס מע האָט מיר ניט דערלױבט צו בלײַבן אין בערלין, שרײַבט מײַמאָן, האָט מיך דערשלאָגן װי אַ דונער, דער לעצטער ציל פֿון מײַנע פֿאַרלאַנגען און האָפֿענונגען איז מיטאַמאָל פֿון מיר דערװײַטערט געװאָרן און גראָד אין דעם מאָ־מענט, װען איך בין צו אים אַזױ נאָענט געװען".

אַן אָפּגעשטױסענער, אַן אײנזאַמער און אָרעמער, פֿאַרבינדט זיך מײַמאָן מיט אַ קאָמפּאַניע שלעפּער, װאַנדערט מיט זײ אַרום פֿון אָרט צו אָרט, אױסשטערקנדיק די האַנט, קעדײ ניט צו שטאַרבן פֿון הונגער. „איך בין געװען אײַנגאַנצן נאַקעט און באָרװעס, — שרײַבט מײַמאָן. מײַן געזונט האָט שטאַרק געליטן פֿון די דאָזיקע װאַנדערונגען. איך האָב קײנמאָל ניט באַקומען רעכט אָפּצועסן, איך האָב מערסטנטײל געמוזט זיך באַנוגענען מיט פֿאַרשימלטע סקאָרינקעס מיט װאַסער. באַנאַכט האָב איך געמוזט לײגן זיך שלאָפֿן אױף אַלטן שטרױ, ניט זעלטן אַפֿילו אױף דער הױלער ערד" (דאָרט). אין אַזאַ שװידערלעכער לאַגע געפֿינט זיך מײַמאָן אַן ערך אַ האַלב יאָר, ביז ער קומט אָן קײן פּױזן, װוּ ער טרעפֿט זײַנעם אַן אַלטן פֿרײַנט, װעלכער שאַפֿט פֿאַר אים נאָרמאַלע לעבנס־באַדינגונגען.

אָבער ניט אױף לאַנג באַרויִקט זיך מײַמאָן. דער פֿאַנאַטיזם פֿון דער אָרטיקער קהילה האָט אים אָפּסנײַ פֿון זיך געשטױסן, עס האָט זיך אין אים װידער דערװעקט דער פֿאַרלאַנג צו דערלערנען װיסנשאַפֿטן און אַװעקצופֿאָרן קײן בערלין. דאָס צװײטע מאָל איז אים מער געלונ־גען, און אים גיט זיך אײַן צו פֿאַרבלײַבן אין בערלין.

דאָרט, אין בערלין, קריגט ער די מעגלעכקײט פֿאַר זעלבסטבילדונג און פֿאָרעמט זיך אױס אַלס באַדײַטנדיקער פֿילאָסאָף, מיט װעמען עס פֿאַרינטערעסירן זיך די גרעסטע געױנים פֿון זײַן צײַט: קאַנט, געטע און שילער.

# II. מײַמאָנ אונ מענדעלסאָנ

מײַמאָנס באקאנטשאפט מיט דער דײַטשישער פילאָסאָפיע הייבט זיכ צופעליק אָנ פונ וואָלפנ. אינ א קלייט קויפט מײַמאָנ אָפ פאר א פּאָר גראָשנ א בוכ, וואָס האָט געזאָלט גײנ אפ פּאק-פּאפיר. דער בוכ, ווײַזט זיכ ארויס, איז געווענ וואָלפס „מעטאפיזיק“. מיט גרויס נײַגער לייענט מײַמאָנ דורכ דעמ דאָזיקנ בוכ פונ אָנהייב ביז סאָפ אונ קומט אינ א פארלעגנהײַט. דער בוכ איז פול מיט סטירעס. מײַמאָנ באשליסט ווענדנ זיכ מיט זײַנע ספייקעס צו מוישע מענדעלסאָנ. ער שרײַבט אימ אָנ א גענויעמ בריוו, אינ וועלכנ ער זאָגט ארויס ניט נאָר די ספייקעס, נאָר אויכ זײַנ קריטישע באציִונג צו וואָלפס פילאָסאָפיע. אָט דער דאָזיקער בריוו, וועלכער האָט צונויפגעפירט מײַמאָנענ מיט מענדעלסאָנענ, איז גלײַכצײַטיק געווענ אנ אָנזאָג פונעמ קומענדיקנ ענדגילטיקנ אײַנרײַס צווישנ זיי.

אינ דער בורזשואזער ליטעראטור ווערנ דערציילט פיל ליגנס אונ פארשיידענע באָבעמײַסעס וועגנ די באציִונגענ צווישנ מײַמאָנענ אונ מענדעלסאָנענ אונ וועגנ די מאָטיוונ, וואָס האָבנ ארויסגערופנ דעמ אײַנרײַס צווישנ די ביידע פילאָסאָפנ. אזוי, צומ בײַשפּיל, ווערט דערציילט, אז מײַמאָנ איז, קלומערשט, געווענ „אנ אויסגעלאסענער יונג אונ האָט ליב געהאט א לעב טאָנ“, אונ דאָס האָט דערווידערט מענדעלסאָנס ריינער זיטלעכער נאטור. איבער דעמ קלומערשט איז פאָרגעקומענ דער אײַנרײַס צווישנ זיי. מע האָט בעקיוונ פארשמירט דעמ פרינציפּיעלנ אונטערשייד צווישנ די פילאָסאָפישע סיסטעמענ פונ די ביידע דענקער. פארנ מארקסיסטישנ פאָרשער איז דעריבער זייער וויכטיק אופצודעקנ די ווירקלעכע מאָטיוונ אונ סיבעס, איבער וועלכע מײַמאָנ האָט זיכ ניט געקאָנט „צונויפלעבנ“ מיט מענדעלסאָנענ.

מוישע מענדעלסאָנס גרויסע פארדינסטנ האָבנ א שײַכעס צו דער האסקאָלע-באוועגונג. אלס אנ אויפקלערער, איז מוישע מענדעלסאָנ באדײַטנד, ער האָט פארנומענ א גרויס אָרט אינעמ „שטורעמ-אונ-דראנג“-פּעריִאָד אינ דײַטשלאנד. צוזאמענ מיט די גרעסטע דעמלטיקע דײַטשי-

שע דענקער, ליטעראַטן און קינסטלער איז ער געשטאַנען ביי ... יגעלע פונעם בורזשואזן הומאַניזם. מענדעלסאָן איז געווען דער גרינדער פון דער האַסקאָלע-באַוועגונג צווישן יידן. זיין ביבל-איבערזעצונג אין דייטש האָט געשפּילט אַ באַשטימטע פּאָזיטיווע ראָליע. זי איז געווען אויסגערעכנט אַף צו געבן די דייטשישע יידן די מעגלעכקייט צו באַהעפטן זיך מיט דער אַלגעמיינער קולטור און דערמיט צעשטערן די ראַמען פון זייער נאַציאָנאַלער אָפּגעפרעמדטקייט און באַגרענעצטקייט.

אָבער אַלס פילאָסאָף איז מענדעלסאָן נישטיק. עמעס, אין זיין צייט איז ער געווען שטאַרק פּאָפּולער אויך אַלס פילאָסאָף, אָבער די דאָזיקע פּאָפּולערקייט האָט ער פאַרדינט ניט דערפאַר, וואָס ער האָט געפּריידיקט פּראָגרעסיווע פילאָסאָפישע אידייען, נאָר, פאַרקערט, דערפאַר, ווייל זיינע פילאָסאָפישע ווערק האָבן זיך צוגעפּאַסט צום וועלט-באַנעם פונעם דייטשישן קליינבירגער. זיין פּאָפּולערקייט נעמט זיך נאָך אויך דערפון, וואָס פונקט אַזוי ווי וואָלף, האָט ער זיינע פילאָסאָפישע ווערק געשריבן אין דייטש, ווען ביז זיי האָט מען פילאָסאָפיע אין דייטשלאַנד געשריבן פאַר אויסדערוויילטע אַף לאַטיין. מוישע מענדעלסאָנס פילאָסאָפיע איז אויסגעלייגט אין זיין „פעדאָן" און „מאָרגענשטונדען". זיין „פעדאָן" איז געווידמעט דער פּראָבלעם פון דער אומשטערבלעכקייט פון דער מענטשלעכער נעשאָמע. מענדעלסאָן דערווייזט, לויט דעם שוין פאַראַנענעם טראַפאַרעט אין דער פילאָסאָפיע, אינעם נעאָפּלאַטאָניש-יודאיסטיש-וואָלפיאַנישן שניט, אַז די נעשאָמע איז אומשטערבלעך. די עקזיסטענץ פון גאָט — פון דעם גייט מענדעלסאָן אַרויס — איז איבערהויפּט אומבאַשטרייטבאַר. גאָט איז דער באַשעפער פון דער נעשאָמע, און ווי-באַלד גאָט אַליין, דער באַשעפער אירער, האָט איר איינגעגעבן דעם געדאַנק וועגן אומשטערבלעכקייט, איז אַ סימען, אַז זי איז טאַקע אומשטערבלעך, וואָרעם אויב מע זאָל טראַכטן פאַרקערט, ד.ה. אויב מע זאָל דערלאָזן, אַז די נעשאָמע איז ניט אומשטערבלעך, וועט זיך באַקומען, אַז גאָט האָט אָפּגענאַרט די נעשאָמע, ס'הייסט, ער האָט איר איינגעגעבן דעם געדאַנק, אַז זי איז אומשטערבלעך, און באַשאַפן האָט

ער זי א שטערבלעכע. אָט דאָס איז די צענטראַלע אידיי פונ „פעדאָנ״, אנ אידיי אנ אידעאליסטיש-רעאקציאָנערע.

מוישע מענדעלסאָנ איז נאָכ באַוווסט מיט זײַנ פארשארפטנ קאמפ קעגנ שפינאָזענ. עס איז גראָד כאראקטעריסטיש פאר מענדעלסאָנענ, וואָס איינעמ פונ די געניאַלסטע מאטעריאַליסטנ אונ אויסגעשפּראָכנסטע אטעיִסטנ, שפינאָזענ, טרעטירט ער ווי א „געפייגערטנ הונט״. ניט אומזיסט האָט מארקס אפ אייביק צוגענעגלט דערפאר מענדעלסאָנענ צומ שאנד-סלופ.

מענדעלסאָנ האָט ביכלאל ארויסגעוויזנ קנאפע ידיִעס אינ דער געשיכטע פונעמ פילאָסאָפישנ געדאנק. ווענ ער האָט פארטראכט אָנצושרײַבנ לעסינגס ביאָגראפיע, האָט דער פילאָסאָפ יאקאָבי אימ געשטעלט די פראגע, צי ווייסט ער, אז לעסינג איז געווענ א שפינאָזיסט. מענדעלסאָנ איז אופגעבראכט געוואָרנ פונ דער דאָזיקער פראגע, אונ ס׳איז צוליב דעמ אויסגעבראָכנ אנ אָפענע קריג צווישנ מענדעלסאָנענ אונ יאקאָבי. „אינ דער דאָזיקער קריג, ווי עס ווײַזט אָנ העגעל, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז מענטשנ, וואָס רעכענענ זיכ פאר ספּעציאַליסטנ אינעמ געביט פונ פילאָסאָפיע... האָבנ קיינ שומ באגריפ ניט וועגנ שפינאָזיזמ; זיי האָבנ ארויסגעוויזנ ניט נאָר אויבערפלעכלעכקײַט פונעמ פילאָסאָפישנ באנעמ, נאָר אויכ אמעראצעס. אלייג מענדעלסאָנ, צומ בײַשפיל, האָט ארויסגעוויזנ פולשטענדיקנ אומוויסנ אינ דעמ אלעמ, וואָס איז שײַעכ די אויסערלעכע היסטאָרישע אומשטענדנ פונעמ שפינאָזיזמ, שוינ אָפגערעדט — אינ דעמ, וואָס איז שײַעכ דעמ אינערלעכנ כאראקטער פונעמ לעצטנ״ (העגעל, ב. XI, ז. 406).

מענדעלסאָנענ, וועלכער האָט זיכ אינטערעסירט מיט אזוינע פראגנ, ווי דער אונטערשייד צווישנ ערלעכקײַט אונ גאָטספּאָרכטיקײַט, אוילעמהאבע אדג., איז ביז גאָר פרעמד געווענ שפינאָזעס גאָטלעסטערישע פילאָסאָפיע, זײַנ שטרענגער מאטעריאַליזמ, זײַנ עמעסע פרײַדענקערישקײַט אונ אטעיִזמ. שפינאָזעס אָפלייקענענ די עקזיסטענצ פונ גאָט איז זיכ שארפ פאנאנדערגעגאנגענ מיט מענדעלסאָנס אינהאלטסלאָזער, פוסטער טעאָלאָגיש-אידעאליסטישער פלאפלערײַ. אינ דער קריג מיט יאקאָבי איבער שפינאָזענ איז מענדעלסאָנ געקראָכנ פונ דער הויט צו ראטעווענ די עקזיס-

טענצ פונ גאָט. „קיינ שום ענדלעכס וועזנ, שרײַבט מענדעלסאָנ, קאָנ ניט אפּנ פולקומסטנ אויפנ אופּאסנ דיווירקלעכקײַט פונ א וועלכער־ס׳ניט-איז זאכ אלס א ווירקלעכע, אונ נאָכ וויײניקער איז דאָס וועזנ פייִק אײַנצוזענ די מעגלעכקײַט אונ די ווירקלעכקײַט פונ אלע עקזיסטירנדיקע זאכנ. מוז דעריבער עקזיסטירנ א וועלכעס־ס׳ניט-איז דענקענד וועזנ, אָדער, אנדערש גערעדט, א וועלכער־ס׳ניט-איז אינטעלעקט, וואָס באַגרײַפט אפּנ פולקומסטנ אויפנ דעמ סכומ פונ אלע מעגלעכקײַטנ אלס מעגלעכנ אונ דעמ סכומ פונ אלע ווירקלעכקײַטנ אלס ווירקלעכנ, ד.ה. עס דארפ עקזיסטירנ אנ אומענדלעכער אינטעלעקט, אונ דער דאָזיקער אינטעלעקט איז גאָט" (ציטירט לויט העגעלנ, ב. XI). פונ דעמ איז צו זענ, אז מענדעלסאָנ ניט נאָר וואָס ער דערלאָזט די עקזיסטענצ פונ גאָט, נאָר ער מיינט, אז אלע מעגלעכע אונ ווירקלעכע זאכנ עקזיסטירנ בלויז אינ גאָט. נאַטירלעכ, אז מענדעלסאָנענ, דעמ גאָט-באַשיצער אינ דער פילאָסאָפיע, איז שפּינאָזעס מאטעריאליזמ געווענ פרעמד אונ פײַנטלעכ.

האָט מײַמאָנ שפּעטער, אינ זײַנ רײַפנ פעריאָד, געוווּסט וועגנ דעמ אלעמ? האָט מײַמאָנ פארשטאנענ, אז מענדעלסאָנ דער פילאָסאָפ-טעאָלאָג איז קליינ אונ נישטיק? יאָ, ער האָט דאָס געוווּסט אונ פארשטאנענ. ער האָט געוווּסט, אז „מענדעלסאָנס גײַסט... האָבנ שטענדיק אינטערעסירט אזוינע פּראָבלעמענ, ווי די פּרינציפּנ פונ מאָראל, פונ נאַטירלעכער טעאָלאָגיע, פונ אומשטערבלעכקײַט פונ דער נעשאָמע אונ ענלעכע", ער האָט געוווּסט, אז מענדעלסאָנ, אלס פילאָסאָפ, האָט ניט געשאפנ קיינ נײַע שיטעס, ער האָט נאָר „אויסגעבעסערט די אלטע סיסטעמענ, באזונדערס, די ריכטונג פונ וואָלפ — לייבניצ". אפילע אינ די אויבנ דערמאָנטע פּראָבלעמענ, פארשטייט מײַמאָנ, איז מענדעלסאָנ ניט געווענ אָריגינעל.

אָבער ביים מײַמאָנ האָט געשריבנ מענדעלסאָנענ דעמ ערשטנ בריוו זײַנעמ מיקויעכ וואָלפס „מעטאפיזיק", דעמ בריוו, ווו ער דערווידערט קעגנ וואָלפס באַהויפּטונג, אז יעדער עקזיסטירנדיקער געגנשטאנד מוז האָבנ א צוועקמעסיקע סיבע, אונ ווו ער פרעגט אָפּ וואָלפס טעזיס, אז

די אורזאכ פונ דער אלוועלט דארפ מענ זוכנ אינ גאָט, וועלכער שטייט, קלוימערשט, אויסער דער וועלט, — זײַנענ אימ נאָכ דאנ ניט געווענ באקאנט מענדעלסאָנס פילאָסאָפישע אָנשויונגענ, וואָרעמ ארויסטרעטנדיק קעגנ וואָלפנ, האָט ער דאָכ גלײַכצײַטיק טרעפלעכ געצילט אויכ אינ מענדעלסאָנענ...

פארוואָס זשע האָט מענדעלסאָנ, ווענ ער האָט באקומענ מײַמאָנס בריוו, אייגנטלעכ, א דאָקומענט, וועלכער איז געצילט קעגנ זײַנ אייגענעמ פילאָסאָפיש-טעאָלאָגישנ קרעדאָ, געפונענ פאר נייטיק צו פארבינדנ זיכ מיט דעמ אווטאָר זײַנעמ? ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט מענדעלסאָנ לעכאטכילע גרינגשעצעריש זיכ באצויגנ צומ אווטאָר פונ דעמ דאָזיקנ בריוו. מײַמאָנ דערציילט טאקע, אז בײַ די ערשטע באגעגענישנ מיט מענדעלסאָנענ האָט מענדעלסאָנ געגוג איראָניזירט איבער אימ, אויסגעלאכט זײַנ פרווו אָפּצופרעגנ וואָלפנ, געשפּאָט פונ זײַנע קריטישע באמערקונגענ. עס איז אויכ מעגלעכ, אז מענדעלסאָנ האָט דאָכ אײַנגעזענ מײַמאָנס פייִקײַטנ און האָט געמיינט העלפנ דעמ אָרעמענ פּוילישנ יונגערמאנ די דאָזיקע פייִקײַטנ צו אנטוויקלענ, ריכטנדיק זיי דערבײַ אינ זײַנ, מענדעלסאָנס, גײַסט. מענדעלסאָנ האָט דאָכ טאקע געפרווט אימ צוציִענ צו דער האסקאָלע-ארבעט. אָט דאָס זײַנענ, עפשער, די סיבעס, וואָס האָבנ באוויגנ מענדעלסאָנענ צו ענטפערנ אפ מײַמאָנס בריוו און אײַנשטעלנ מיט אימ א פארבינדונג. אָבער מענדעלסאָנס מיינ צו מאכנ מײַמאָנענ פאר א פיליסטער צוגלײַכ מיט אנדערע פילאָסאָפישע טאלמידימ זײַנע איז ניט צו שטאנד געקומענ. צו גרויס איז געווענ מײַמאָנס ווילנ צו דערגיינ דעמ טאָכ פונ דער וועלט, און צו קליינ האָט מענדעלסאָנ באנומענ מײַמאָנס טיפע, טעמפּעראמענטפולע נאטור.

שפּעטער, בא די פערזענלעכע שמועסנ מיט מענדעלסאָנענ און זיכ האָבנדיק באקענט מיט מענדעלסאָנס געדרוקטע ווערק, דערוויסט זיכ מײַמאָנ, וואָס שטעלט מיט זיכ מענדעלסאָנ פאָר אלס פילאָסאָפ. שטייענדיק אפ פּרינציפּיִעל אנדערע פילאָסאָפישע פּאָזיציעס, טרעט מײַמאָנ אָפּנ ארויס קעגנ די וואָלפיִאנער, קעגנ מענדעלסאָנענ און זײַנע אידייִשע פרײַנט. די קריג צווישנ מײַמאָנענ און מענדעלסאָנענ האָט זיכ אָנגע-

הויבן איבער שפינאָזען. וועגן איינעם אזא וויקועך מיט מענדעלסאָנס א נאָענטן פריינט און טאלמיד, מיט הערצן, דערציילט מיימאָן אין זיין „לעבנסגעשיכטע" אזוי:

„איך האָב זיך באמיט דעם הער הערץ געבן צו פארשטיין שפינאָזעס שיטע, אז אלע געגנשטאנדן זיינען בלויז אקצידענציעס (צושטאנדן פון איינייניציקער סובסטאנץ). דאָ האָט ער מיך איבערגעריסן און אויסגעשריען:

— אָבער, מיין גאָט! זיינען מיר דען ביידע, איך און איר, ניט קיין פארשיידענע מענטשן, און האָט דען ניט יעדערער פון אונדז קיין אייגענע עקזיסטענץ?

— מאכט צו די לאָדנס! — האָב איך געענטפערט אף זיין פראגע. הערץ איז דערשטוינט געוואָרן... ער האָט ניט פארשטאנען מיין קאָוואָנע. — זעט, — האָב איך געזאָגט, — די זון שיינט דורך די פענצטער, אָט דאָס פירעקיקע פענצטער גיט א פירעקיקע ווידערשיין, און אָט דאָס קיילעכדיקע פענצטער גיט א קיילעכדיקע ווידערשיין. נו, זיינען עס דען איבער דעם פארשיידענע זאכן, פארשיידענע שיינען, און ניט איין און די זעלבע זונען-שיין?"

מיימאָן איז, ווי ס'איז צו זען, געווען אין יענער צייט א הייסער אָנהענגער פונעם שפינאָזיזם. מענדעלסאָן האָט זיך באמיט צו איבערצייגן מיימאָנען, אז ער איז פארפירט, אז ער שטייט, קלוימערשט, אף פאלשע פאָזיציעס, אָבער דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. „איך בין אזוי איבערצייגט געוואָרן אינעם עמעס פונעם שפינאָזיזם, דערציילט מיימאָן, אז מענדעלסאָנס אלע באמיונגען מיך אָפּצוווענדן פון אים זיינען געווען אומזיסט" („לעבנסגעשיכטע").

אלס אָנהענגער פונעם שפינאָזיזם, איז מיימאָן שארף ארויסגעטראָטן קעגן מענדעלסאָנען און די איבעריקע וואָלפיאַנער. מיימאָנס דערוויזונגען, אז וואָלפס פילאָסאָפיע איז פאלש, האָבן מענדעלסאָנען ניט איבערצייגט. מענדעלסאָן האָט זיך אקשאָנעסדיק געהאלטן בא זיינע אָנשויונגען וועגן גאָט, נעשאָמע, אוילעמהאבע אדג., ער איז געווען און געבליבן טריי וואָלפס פילאָסאָפישער סיסטעם. מיימאָן האָט טרעפלעך אופ-

געדעקט די סיבע דערפון. ער האָט ריכטיק געהאַלטן, אַז „דאָס זײַנען בלויז דיפּלאָמאַטישע שפּיצלעך און צוויַעס, וואָס דערמיט זוכן זיי (מענדעלסאָן און די וואָלפיאַנער. — מ. ב.) בעקוואָנע צו דערנעענטערן זיך צום אָרט דענקען פונעם געמיינעם מענטשן" (דאָרט).

דער שטרײַט צווישן מײַמאָנען און מענדעלסאָנען איז געגאַנגען ווײַטער. אונטערן אײַנפלוס פון שפּינאָזעס אַטעיזם און מאַטעריאַליזם שטעלט זיך מײַמאָן „אַפן וועג פון אַ פרײַדענקער, וואָס לייקנט אין יעדער געטלעך-אַנטפּלעקטער רעליגיע". מענדעלסאָן, ווידער, „האָט, ווי ווײַט עס איז באַוווּסט, מעקײַעם געווען אַלע מיצוועס פון זײַן רעליגיע... ער האָט זיך, מאַשמאָעס, נאָך אַלץ גערעכנט פאַר אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער קעהילע" (דאָרט).

אויך אין האַסקאָלע-פראַגן זײַנען די ביידע אויפקלערער, מײַמאָן און מענדעלסאָן, געשטאַנען אויף פרינציפּיעל פאַרשיידענע פּאָזיציעס.

מענדעלסאָן און זײַנע פרײַנט האָבן פאָרגעלייגט מײַמאָנען איבערצוזעצן אין העברעיִש אייניקע ווערק פאַר די פּוילישע ייִדן מיט די צוועקן פון האַסקאָלע. מײַמאָן האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג מיט גרויס פרייד. אָבער גלײַך האָבן זיך צווישן מײַמאָנען און מענדעלסאָנען אָנגעהויבן כלוקעדייעס. מענדעלסאָן און זײַנע פרײַנט האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף פאַר די פּוילישע ייִדן איבערזעצן און אַרויסגעבן ביכער וועגן נאַטירלעכער רעליגיע, וועגן פאַרנינפטלעכער מאָראַל, ווײַל בלויז דאָס איז, לויט זייער מיינונג, דער טאַכלעס און דער ציל פון דער גאַנצער האַסקאָלע. זיי ראַטן דעריבער מײַמאָנען איבערצוזעצן רײַמערס „נאַטירלעכע רעליגיע". מײַמאָן איז געווען קעגן דעם. ער האָט געהאַלטן, אַז די ייִדישע מאַסן נייטיקן זיך אין עמעסער וויסנשאַפט, און ניט אין קיין ציוויליזירטער סינאַגאָגע. לויט זײַן מיינונג, זײַנען פאַר די מאַסן נייטיק ווערק וועגן נאַטורוויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק אַד"ג., וואָס „זאָלן אַמערסטן מיטהעלפן דער אַנטוויקלונג פונעם סייכל" (דאָרט), און אָנשטאָט צו איבערזעצן, לויט דער אייצע פון די בורזשואַזע מאַסקילים, רײַמערס „נאַטירלעכע רעליגיע", פאַרפאַסט מײַמאָן זײַן „תורת הטבע" („נאַטורוויסנשאַפט"), געבויט אויף ניוטאָנס פרינציפּן פון נאַ-

טורוויסנשאפט, און א לערנבוך איבער מאטעמאטיק. מענדעלסאָנס אָנהענגער ווילן עס אָבער ניט ארויסגעבן. מײַמאָן קלאָגט אָן פאר מענדעלסאָנען די האנדלונג פון זײַנע טאלמידים, און אָט וואָס מענדעלסאָן ענטפערט אים: „עס איז אַן אוולע, שרײַבט מענדעלסאָן מײַמאָנען, צו לאָזן די ארבעט אומבאלוינט, אָבער איך קאָן אויך ניט פאָדערן, אז מײַנע פרײַנט זאָלן נעמען אַף אייגענע הויצאָעס די אויסגאבע פון א ווערק, וואָס קאָן ניט אויסרעכענען אַף א גוטן אָפּזאץ, ווײַל, ווי מיר אליין איז גוט באקאנט, האָט דאָס פאָלק ניט קיין נעטיִע צו וויסנשאפט" (דאָרט). מענדעלסאָן טרײַבט דאָ רעכילעס אַפן פאָלק. ניט דאָס פאָלק האָט ניט געהאט קיין נעטיִע צו וויסנשאפטן, נאָר מענדעלסאָן האָט ניט געהאט די נעטיִע צו פארשפּרייטן צווישן פאָלק עמעסע וויסנשאפט. ער האָט זיך באנוגנט מיט געבן דעם פאָלק גאָטספאָרכטיקע שפּײַז, אונטערטראָגנדיק עס אַף אַן אייראָפּייִשן טעלערל. דער פאָלקסמענטש מײַמאָן, ווידער, איז געווען פאר געבן עמעסע וויסנשאפט דעם פאָלק.

פון דעם אלעם איז צו זען, אז דער אײַנרײַס צווישן מײַמאָנען און מענדעלסאָנען איז געווען ניט קיין צופעליקער, ער איז געלעגן ניט אין דער פלאך פון „זיטלעכקײַט", נאָר דער דאָזיקער אײַנרייס איז געווען א פרינציפּיעל־אידייִשער. מײַמאָן האָט געפירט זײַן קאמף קעגן דעם מעסיקן רעפאָרמאטאָר מענדעלסאָן פון ראדיקאל־דעמאָקראטישע פּאָזיציעס.

צוליב דער אָנגעגליטער קאמפס־אטמאָספער ארום אים האָט מײַמאָן — שוין צום צווייטן און צום לעצטן מאָל — געמוזט פארלאָזן בערלין און אריבערפאָרן קיין ברעסלוי. מענדעלסאָנס פרײַנט האָבן מײַמאָנען ניט געלאָזט צו רו אפילע נאָך זײַן ענדגילטיקן אײַנרײַס מיט מענדעלסאָנען. זיי פארפאָלגן אים פונדערווײַטנס, זיי פארשפּרייטן אנאָנימע בריוולעך, אין וועלכע מע איז מודיִע, אז „שלוימע מײַמאָן זוכט צו פארשפּרייטן שעדלעכע מיינונגען".

נידעריק און מיִעס פארענדיקט מענדעלסאָנס קאָמפּאניע די באציִונגען צווישן מײַמאָנען און מענדעלסאָנען.

## III. מײַמאָנס פילאָסאָפישע אָנשויונגענ

שלוימע מײַמאָנס פילאָסאָפישער וועג איז זייער אַנ אייגנאַרטיקער אונ ווידערשפּרעכיקער.

מײַמאָנס ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פילאָסאָפישע פּראָבלעמענ איז פאָרגעקומענ דורכ דער מיטלאַלטערלעכער ייִדישער פילאָסאָפיע, דורכנ ראַמבאַם. דער ראַמבאַם (רעב מוישע בענ מײַמאָנ), איינער פונ די אינ־טערעסאַנטסטע פאָרשטייער פונ דער מיטלאַלטערלעכער ייִדישער פילאָ־סאָפיע, האָט אָפּ דעם יונגנ שלוימע פונ נעסוויזש געמאַכט אַ גוואַל־דיקנ אײַנדרוק. שלוימע איז געווענ אַזוי שטאַרק באַווירקט פונעם ראַמ־באַם, אַז ער נעמט אַפילע אָנ זײַנ פאַמיליע־נאָמענ. דאָכ האָט שלוימע מײַמאָנ געהאַט אַ באַשטימטע קריטישע באַציִונג צום ראַמבאַם. אינעם ראַמבאַמס „מוירע־נעווכים" געפינט ער פריִער פאַר אַלצ אַ מאָראַלישע שטיצע צום דערלערנענ וויסנשאַפטנ, דערבײַ באַקומט ער דאָ אויכ אַנ אָנדײַט אָפּנ סיידער פונעם שטודיום: נאַטורוויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק, לאָגיק אונ מעטאַפיזיק. מײַמאָנ איראָניזירט איבער די שטעלנ פונעם „מוירע־נעווכים", ווו דער ראַמבאַם פּרוווט זיכ „דערלערנענ" מאַלאָכים, ניסים, נעווועס אונ ענלעכע הימל־געטלעכע אַנטפּלעקונגענ. אַזוי, צום בײַשפּיל, שרײַבט מײַמאָנ: „די לערע פונ אַריסטאָטעלנ (וואָס דער ראַמ־באַם האָט זיכ אָנ איר געהאַלטנ), אַז די הימל־קערפּערס זײַנענ באַלעבטע, פאַרנינפטיקע קערפּערס, איז אַ שיינער מעטאַפיזישער כאָלעם" („לעבנס־געשיכטע").

דער שפּינאָזיזמ האָט שפּעטער דערצויגנ מײַמאָנענ אַלס אַטעיִסט. עמעס, ניט אַלעמאָל גיט מײַמאָנ די שאַרפע אַטעיִסטישע פאָרמול. זײַנ נעגאַציע פונ דער רעליגיע נעמט זיכ דעריִקער דערפונ, וואָס זי, „די רעליגיע, האָט אינגאַנצנ פאַרנאַכלעסיקט די נאַטורוויסנשאַפט", האָט אָפּ־געלייקנט די זעלבשטענדיקײַט אונ די איינהײַט פונ דער נאַטור.

מײַמאָנ האָט פאַר זײַנ צײַט ביז גאָר טיפּ באַנומענ דעמ מאַטעריאַ־ליסטישנ טאָכ פונ שפּינאָזעס פילאָסאָפיע, ער האָט פאַרשטאַנענ, אַז זי איז דער הייפּעכ פונ דער רעליגיע, ווײַל „שפּינאָזעס סיסטעמ לערנט,

אז עס איז פאראַן איין סובסטאַנץ, וואָס איז די דירעקטע סיבה פון אַלע פאַרשיידענע ווירקונגען. מאַטעריע און גײַסט זײַנען בײַ שפּינאָזען איין און די זעלבע סובסטאַנץ, וואָס דערשײַנט דאָ אין איין געשטאַלט, דאָ אין אַן אַנדערער. די דאָזיקע איינציקע סובסטאַנץ איז, לויט שפּינאָזען, ניט בלויז דאָס איינציק מעגלעכע זעלבשטענדיקע וועזן, אומאָפּהענגיק פון קיין שום אויסערלעכער סיבה, נאָר זי עקזיסטירט אויך איינציק און אַליין פאַר זיך" (דאָרט). די רעליגיע דערלאָזט גאָטס שעפערישן קויעך, זי פּריידיקט, אַז די נאַטור האָט אַן אָנפירער, אַן אויסערלעכע קראַפט און סיבה. דאָס אייגענע, אַגעוו, פּריידיקט וואָלף מיט זײַנע טרײַע שילער. שפּינאָזע, פאַרקערט, לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון גאָט, באַשטעטיקט די זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ פון דער סובסטאַנץ — נאַטור, אַלס אומאָפּהענגיקע פון אַ וועלכער־ס'ניט־איז אויסערלעכער קראַפט, אַלס איינציקע און אַלס אַן און פאַר זיך עקזיסטירנדיקע, און מײַמאָן איז פולשטענדיק מאַסקים מיט שפּינאָזען. זײַן „תורת הטבע", וואָס איז פאַרפאַלן געגאַנגען און קאָן דעריבער ניט קריגן קיין גענויע אָפּהאַנדלונג, איז, ווי מיר וויסן עס פון מײַמאָנס אויטאָביאָגראַפיע, אָנגעשריבן לויט ניוטאָנס פּרינציפּן פון נאַטורוויסנשאַפט, און וויסנדיק מײַמאָנס באַציִונג צום שפּינאָזיזם, קאָן מען זיך מעשאער זײַן, אַז דאָס ווערק איז דורכגעדרונגען מיטן מאַטעריאַליסטישן טעזיס, אַז די נאַטור איז רעאַל־אָביעקטיוו און איינהײַטלעך.

מענדעלסאָן האָט בראַווירט דערמיט, וואָס ער האָט ניט געלייענט און וועט ניט לייענען קאַנטן. מײַמאָן האָט זיך קיינמאָל ניט באַנוגנט מיט זײַנע דעראָבערטע יעדיִעס אין פילאָסאָפיע, ער האָט שטענדיק געזוכט נײַעם אינטעלעקטועלן שטאָף, וואָס זאָל באַפרידיקן זײַן דאָרשט דערקלײַבן זיך צו די טיפענישן פון דער נאַטור און פון דער מענטשלעכער דערקענונג. אויב בײַ ניוטאָנען און שפּינאָזען האָט מײַמאָן זיך געלערנט פאַרשטיין די נאַטור, האָט ער בײַ קאַנטן זיך געלערנט פאַרשטיין דאָס וועזן פון דער דערקענונג, און דאָ איז ער אין אַ געוויסער מאָס פאַרפירט געוואָרן.

מײַמאָן באַקענט זיך מיט קאַנטס „קריטיק פונעם ריינעם פאַרנונפט".

דאָס ווערק באַיינפלוסט מײַמאָנענ, אָבער ער ווערט ניט קיינ טרײַער קאנטיִאנער. אינ דער „קריטיק פונעם רייִנעמ פארנונפט" זעט ער אײַנ פעלערהאפטע באהויפטונגענ, אונ אינ 1790 יאָר דערשײַנט זײַנ קריטיק צו דער „קריטיק פונעמ רייִנעמ פארנונפט" אלס ספעציִעל ווערק אונטערנ נאָמענ „א פרווו איבער דער טראנסצענדענטאלער פילאָסאָפיע". דאָס איז געווענ דער אָנהייב פונ זײַנ זעלבשטענדיקער פילאָסאָפישער טעטיקײַט. דאָס דאָזיקע ווערק שאפט אימ א גרויסנ נאָמענ, אונ ער ווערט באוווסט די גרעסטע דײַטשישע דענקער פונ זײַנ צײַט. אלס א פילאָסאָפ אנ אווטאָדידאקט, האָט מײַמאָנ שפעט אָנגעהויבנ שאפנ, אָבער בלויז פאר די לעצטע צענ יאָר פונ זײַנ לעבנ (1790—1800) האָט ער פארפאסט אכט פונדאמענטאלע ווערק אונ א רײ ארטיקלענ איבער פילאָסאָפישע פראגנ.

אינ וואָס איז באשטאנענ מײַמאָנס קריטיק פונ קאנטס פילאָסאָפיע? אפ דער דאָזיקער פראגע איז נייטיק צו געבנ אנ ענטפער, ווײַל ניט פארשטייענדיק מײַמאָנס קריטישנ באנעמ פונ קאנטס פילאָסאָפיע, קאָנ מענ ניט באנעמענ זײַנע אייגענע פילאָסאָפישע אָנשויונגענ.

קאנט (1724—1804), איינער פונ די באדײַטנדיקסטע וועלט-בארימטע פילאָסאָפנ, געהערט צומ דײַטשישנ קלאסישנ אידעאליזמ. די גרונטפראגע, וואָס אינטערעסירט קאנטס פילאָסאָפיע, איז די פראגע וועגנ דעמ, וויִאזוי איז מעגלעכ דערקענונג, ד.ה. וויִאזוי אונ מיט דער הילפ פונ וואָס דערקענט דער מענטש די וועלט פונ זאכנ; וואָס איז אזוינס דאָס עמפינדלעכע אונ געדאנקלעכע געוועד, וואָס מיט זײַנ הילפ קומט פאָר די דערקענונג.

קאנט האלט, אז אויסער אונדז געפינט זיכ א רעאלע וועלט. די דאָזיקע וועלט הייבט אָנ דער מענטש צו דערקענענ אדאנק איר אופווירקונג אפ דעמ מענטשנ, ס'הייסט — דער מענטש נעמט אופ נאָר אירע דערשײַנונגענ (פענאָמענענ). אָבער דאָס וועזנ (נאָומענ) פונ דער וועלט, פונ די זאכנ איז פארבאָרגנ פונ דעמ מענטשנ. דערפאר קאָנ דער מענטש, לויט קאנטנ, דערקענענ בלויז די דערשײַנונגענ פונ דער וועלט, ער וועט זיכ אָבער קיינמאָל ניט דערקלײַבנ צומ וועזנ, צומ טאָכ פונ דער וועלט.

דעמ ערשטנ אייַנדרוק וועגנ די דערשייַנונגענ פונ דער וועלט באקומט דער מענטש, לויט קאנטנ, דורכ עמפינדלעכקייַט. דער מאטעריאל פונ דער עמפינדונג איז אָבער צעפלאָסנ און כאאָטיש. בלויז צוויי אָנשוילעכע פאָרמענ שאפנ, לערנט קאנט, די פארגאנצטקייַט פונעמ מאטעריאל פונ די עמפינדונגענ, דאָס זייַנענ — רוימ און צייַט.

רוימ און צייַט זייַנענ, לויט קאנטנ, אפריאָרישע פאָרמענ פונ אונדזער אופפאסונג. אפריאָרי באדייַט, לויט קאנטנ, דאָס, וואָס איז ריינ פונ דערפארונג, אלגעמיינ-גילטיק און נויטווענדיק. רוימ און צייַט ווערנ דעמ מענטשנ געגעבנ ביז דער דערפארונג. דער מענטש ווייסט לעכאטכילע, אז אלצ, וואָס ער עמפינדעט, עמפינדעט ער אינ רוימ און צייַט. אזויארומ, מאכט קאנט דעמ אויספיר, זייַנענ רוימ און צייַט אפריאָרישע פאָרמענ, וואָס מיט זייער הילפ ווערט דער מאטעריאל פונ דער עמפינדונג פארבונדנ, סינטעזירט אינ אונדזער באוווסטזייַנ.

פונ דעמ איז צו זענ, אז ניט געקוקט דערופ, וואָס קאנט דערלאָזט די עקזיסטענצ פונ דער אויסערלעכער וועלט, האָט ער אָבער מיט זייַנ לערע וועגנ דער אפריאָרישקייַט פונ רוימ און צייַט זיכ פולשטענדיק געשטעלט אפ די פּאָזיציעס פונ סוביעקטיוונ אידעאליזמ, מאכמעס אינ דער פארהעלטעניש צווישנ דעמ מענטשנ און דער אויסערלעכער וועלט מוז מענ, נאָכפאָלגנדיק קאנטנ, אינ לעצטנ סאכאקל קומענ צומ געדאנק, אז דער מענטש מיט זייַנע אפריאָרישע פאָרמענ שאפט די אָביעקטיווע וועלט פונ עמפינדלעכע זאכנ. אויב אינדערעמעסנ פארבינדט די עמפינדונג און די דערפארונג דעמ מענטשנ מיט דער נאטור, האָט זיכ בא קאנטנ באקומענ, אז די עמפינדונג און דערפארונג רייַסנ אָפ דעמ מענטשנ פונ דער נאטור. קאנט האָט מיט זייַנ דערקענטעניש-טעאָריע ענדגילטיק אָפגעריסנ דעמ מענטשנ פונ דער אָביעקטיווער וועלט.

צוטרעטנדיק צו באטראכטנ די ארבעט פונעמ פארשטאנד, האָט קאנט אוועקגעשטעלט א כינעזישע וואנט צווישנ דעמ אינהאלט פונעמ דענקענ (די אָביעקטיווע וועלט) און די פאָרמענ פונעמ דענקענ (באגריפנ, פאָרמולירונגענ, קאטעגאָריעס אדג). רוימ און צייט, ווי מיר וויסנ, זייַנענ, לויט קאנטנ, אפריאָרישע פאָרמענ פונ דעמ מענטשנס שפּירונגס-

פײַקײַט, — פונ דער זינלעכקײַט. אָבער די זינלעכקײַט שעפּט פולשטענדיק ניט אויס די דערקענטעניש, זי איז בלויז אײנער פונ די קוואלנ פונ דער דערקענטעניש. דער צווײטער קוואל, פונ וועלכנ עס פליסט די דערקענטעניש, מײנט קאנט, איז דער פאַרשטאַנד. לויט קאנטנ, האָט אָבער דער פאַרשטאַנד ניט צו טאָנ מיט די אָביעקטנ פונ דער דערקענונג. די לאָגיק, מײנט ער, פאַרנעמט זיכ בלויז מיט די אַפּריאָרישע פאָרמענ פונ דעמ לאָגישנ וויסנ, ד.ה. די דערקענונגס-פאָרמענ זײַנענ אומאָפּהענגיק פונעמ אָביעקט, וועלכער ווערט באַדענקט, דערלערנט, דערקענט. די לאָגיק, לויט קאנטנ, פאַרנעמט זיכ אַלזאָ מיט זיכ זעלבסט, מיט אירע זעלבסט-געשאַפענע דערקענונגס-פאָרמענ. די אָביעקטנ פונ דער לאָגיק זײַנענ בא קאנטנ בלויז באַגריפנ, פוסטע הײַטלעכ, אָפּגעריסענע פונ זײער עמעסנ קוואַל, פונ דער אָביעקטיווער, רעאַלער וועלט. די געשיכטע פונ די באַגריפנ, זײער פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער נאַטור, זײער אָפּהענגיקײַט פונ דער געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק פונעמ מענטשנ אונ פונ דער מענטשהײַט האָט קאנט פולשטענדיק אָפּגעלײקנט. די אַפּריאָרישע פאָרמענ, קומט קאנט צומ אויספיר, מאַכנ מעגלעכ די געזעצנ פונ דער נאַטורוויסנשאַפט, דער פאַרשטאַנד, הײסט עס, שרײַבט צו געזעצנ דער נאַטור. אַלזאָ, דער פאַרשטאַנד אונ פאַרנונפט, באַהויפּט קאנט, ניט זײ שפּיגלענ אָפּ די געזעצנ פונ דער נאַטור, ווי עס איז אינדערעמעסנ, נאָר, פאַרקערט, זײ דרינגענ ארויס פונעמ דערקענטעניש-פּראָצעס. אָט דאָס איז שוינ אויסגעשפּראָכענער סוביעקטיווער אידעאַליזמ.

לענינ כאַראַקטעריזירט קאנטס לאָגיק אַלס פאָרמעלע לאָגיק, וועלכע שטעלט קעגנ דעמ אינהאַלט פונעמ וויסנ אירע לאָגישע פאָרמענ אונ וועלכע דערלערנט די לאָגישע פאָרמענ אַלס זעלבשטענדיקע אינ זײער אַבסאָליוטער אָפּגעזונדערטקײַט פונעמ דערקענט ווערנדיקנ אינהאַלט. „בא קאנטנ, שרײַבט לענינ, רײַסט די דערקענונג אָפּ, שײדט אָפּ די נאַטור פונעמ מענטשנ; אינדערעמעסנ פאַרבינדט זי זײ" (לענינ, פילאָסאָפישע העפטנ, ז. 93).

אַלזאָ, קאנט דערלאָזט די אָביעקטיווקײַט פונ דער נאַטור, נאָר ער

האלט, אז די נאַטור איז ניט געזעצמעסיק און ניט דערקענבאַר. מיט דעמ אליינ שוואכט ער אָפּ די קראפט פונעמ פארנונפט. לויט אימ, קענ דער פארנונפט ניט אריינדרינגענ אינעמ וועזנ פונ דער וועלט, די וועלט בלייבט שטענדיק א „זאכ אינ זיכ". די דערקענטעניש קענ ניט, אזוי־ארומ, לויט קאַנטנ, פארוואנדלענ די „זאכ אינ זיכ" אינ א „זאכ פאר אונדז". קאַנטס פילאָסאָפיע איז אגנאָסטיציזמ. אגנאָסטיציזמ, — לערנט לענינ — לייקנט ניט נאָר אָפּ די מעגלעכקייט צו דערקענענ די וועלט, נאָר לייקנט אויכ אָפּ איר אָביעקטיווע רעאלקייט, וועלכע ווערט געגעבנ און אָפּגעשפּיגלט אינ אונדזערע כושימ. קאַנט, וועלכער האָט מיט זיינ פילאָסאָפישער סיסטעמ געוואָלט דעווייזנ, וויאזוי איז מעגלעכ דערקענונג, איז געקומענ צומ אויספיר, אז דערקענענ די וועלט איז, אייגנטלעכ, אומעגלעכ. דער דאָזיקער טראגיזמ שטאמט דערפונ, וואָס קאַנט פארשטייט מעטאפיזיש, דאָגמאטיש דעמ עמעס. דער עמעס באַשטייט, לויט אימ, אינ זיינ אבסאָליוטקייט און אלגעמיינקייט. דער עמעס איז בא קאַנטנ אפריאָרי געגעבנ געוואָרנ אינעמ פארשטאנד און פארנונפט. קאַנט האָט ניט פארשטאנענ, אז דער עמעס, די דערקענונג אנטוויקלט זיכ קעסיידער און שטעלט מיט זיכ פאָר א פראָצעס, און אז אינ דעמ דאָזיקנ פראָצעס באטייליקנ זיכ די נאַטור, דער פארנונפט, אלס אינטייל פונ דער נאַטור, און די לאָגישע פיגורנ און פאָרמענ, אלס אינהאלטספולע פאָרמענ, וואָס דריקנ אויס, שפּיגלענ אָפּ, כאפּנ אופּ דעמ אינהאלט פונ דער נאַטור. קאַנט האָט ניט באנומענ, אז די דערקענונג הייבט זיכ אָנ פונ ווייניקער אלגעמיינע עמעסנ, פונ רעלאטיווע עמעסנ און גייט צו מער אלגעמיינע עמעסנ; ער האָט ניט באנומענ, אז דער קריטעריִ פונעמ עמעס איז די געזעלשאפטלעכע פראקטיק פונעמ געזעלשאפטלעכנ מענטשנ.

מיימאָנס קריטיק פונ קאַנטס סיסטעמ באַרירט די גרונט־זיילנ פונ קאַנטס פילאָסאָפיע. מיימאָנ איז ניט מאסקימ מיט קאַנטס האנאָכע, אז רוימ און צייט זיינענ בלויז אפריאָרישע זינלעכע פאָרמענ. ער לייקנט אָפּ קאַנטס מיינונג, אז רוימ און צייט זיינענ סוביעקטיווע פאָרמענ, וועלכע געהערנ בלויז אונדזער זינלעכקייט. עמעס, מיימאָנ דערגייט ניט צומ

גערֿאנק, אז רױם און צײַט זײַנען פֿאָרמען פֿונ דער עקזיסטירנדיקער אָביעקטיװער װעלט. דעריבער לײזט ניט מײַמאָנ ענדגילטיק די פֿראגע, — װאָס איז אזױנס, סאָפֿקאָלסאָפֿ, צײַט און רױמ. לױט מײַמאָנען זײַנען צײַט און רױמ ניט בלױז קײנ זינלעכע פֿאָרמען, װעלכע שאפֿנ בא קאנטנ אפֿ אנ אומבאװוסטנ אופֿנ די מעגלעכקײַט צו עמפֿינדנ זאכנ און דערשײַנונגען. פֿאר מײַמאָנען זײַנען רױמ און צײַט אױכ פֿאָרמען פֿונעמ דענקען, און דעריבער האָבנ זײ א ראציאָנעלנ זינ. רױמ הײסט בא אימ „זײַנ אײנס לעבנ דעמ אנדערנ”, צײַט הײסט „זײַנ אײנס נאָכ דעמ אנדערנ”. מײַמאָנ איז געװענ דער ערשטער, װאָס האָט אופֿגעריסנ דאָס איראציאָנעלע, װאָס איז געװענ פֿארבאָרגנ אינ קאנטס פֿילאָסאָפֿישער סיסטעמ, כאָטש מע דארפֿ באטאָנען, אז מײַמאָנס פֿארשטײנ רױמ און צײַט איז װײַט פֿונ דער מאטעריאליסטישער באהױפּטונג, װאָס זאָגט, אז רױמ און צײַט זײַנען פֿאָרמען פֿונ דער עקזיסטענצ פֿונ דער מאטעריע. רױמ און צײט — שרײַבט מײַמאָנ — „זײַנען באזונדערע פֿאָרמען, װאָס מיט זײער הילפֿ איז די אײנהײַט פֿונ די פֿארשײדענע עמפֿינדלעכע געגנשטאנדנ, און אױכ די געגנשטאנדנ זעלבסט, מעגלעכ אלס אָביעקטנ פֿונ אונדזער באװוסטזײַנ” (מײַמאָנ, „דער פֿרוװ איבער דער טראנסצענדענטאלער פֿילאָסאָפֿיע”, ז. 16).

מײַמאָנ דערװידערט אױכ קעגנ קאנטס באהױפּטונג, אז די באגריפֿנ זײַנען פֿוסטע, אינהאלטסלאָזע, אפּריאָרישע פֿאָרמען פֿונעמ פֿארשטאנד. לױט זײַנ מײנונג, באזירט זיכ די דערקענונג אפֿ צװײ פּרינציפּנ, װאָס „אײנער פֿונ זײ דארפֿ זײַנ די סיבע פֿונעמ מאטעריאל פֿונ דער דערקענונג, דער צװײטער — די פֿאָרמען פֿונ דער דערקענונג. די דאָזיקע צװײ פּרינציפּנ זײַנען — די זאכ אינ זיכ און דער באװוסטזײַנ” (דאָרט, ז. 419). מײַמאָנ דערװידערט ריכטיק קאנטנ, װענ ער װײַזט אימ אָנ, אז דער קװאל פֿונ דער דערקענונג פֿליסט ניט פֿונעמ פֿארשטאנד זעלבסט, אָבער ער, מײַמאָנ, שטעלט זיכ אָפּ אפֿנ האלבנ װעג, װענ ער סאָלידאריזירט זיכ מיט קאנטנ אינ דער פֿראגע װעגנ דער אומעגלעכקײַט צו דערקענען דעמ מעהוס פֿונ דער אָביעקטיװער רעאלקײַט. „מע קאָנ זיכ פֿאָרשטעלנ, שרײַבט מײַמאָנ, די זאכ אינ זיכ אפֿ אנ אומבא-

שטימטן אויפן, אלס עקזיסטירנדיקע אויסער אונדזער דערקענונג, נאָר עס איז אוממעגלעך צו באשטימען זי אלס אזעלכע; אנדערש וואָלט זיך באקומען א ווידערשפּרוך — דערלאָזן דעם באוווּסטזײַן פון א באשטימטער זאך אויסערן באוווּסטזײַן, דאן ווען זי ווערט באשטימט בלויז מיט דער הילף פונעם באוווּסטזײַן" (זע מײַמאָנס: „קריטישע אונטערזוכונגען איבער דעם מענטשלעכן גײַסט"). מײַמאָן פלאָנטערט זיך דאָ: ער פארשטייט ניט, אז די באוווּסטזיניקע פעסטשטעלונג פון דער זאך קאָן אָן דער זאך ניט עקזיסטירן און עקזיסטירט ניט. דער דאָזיקער פלאָנטער פירט מײַמאָנען צו סוביעקטיוו-אידעאליסטישע אויספירן, אז „די זאך אין זיך" איז בלויז אן עלעמענט פון אונדזער פאָרשטעלונג און אז די סיבע, ווי אויך דאָס מיטל פון איר אנטשטייונג אין אונדז, ווייסן מיר ניט. די קאנטיאנישע „זאך אין זיך" דערפירט ער צו א גרענעץ-אידיי, צו וועלכער דער באוווּסטזײַן שטרעבט און קאָן קיינמאָל ניט דערגרייכן.

כאָטש מײַמאָנס קריטיק פון קאנטס „זאך אין זיך" טראָגט אן אידעאליסטישן כאראקטער, האָט אָבער די דאָזיקע קריטיק היסטאָריש געשפּילט א וויכטיקע ראָליע פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם פילאָסאָפישן געדאנקענגאנג אין דײַטשלאנד. ניט צופעליק געהערט מײַמאָן צו די זייער ווייניקע קריטיקער פון קאנטן, אף וועלכע קאנט אליין האָט איידעס געזאָגט, אז זיי זײַנען טיף און שארפזיניק ארײַנגעדרונגען אין זײַן פילאָסאָפישער סיסטעם.

באזונדערס איז וויכטיק צו דערמאָנען מײַמאָנס קריטיק פון קאנטס עטיק (דעם אזויגערופענעם קאטעגאָרישן אימפעראטיוו). מײַמאָן ווײַזט ריכטיק אָן, אז קאנטס באהויפּטונג: די מענטשלעכע טעטיקײַט קומט פאָר לויט דעם רוף פונעם אינערלעך פארבאָרגענעם יושער-געפיל, וועלכער פאָדערט — „דו מוזט", — איז א פיקציע און קאָן אין דער ווירקלעכער מענטשלעכער טעטיקײַט ניט אָנגעווענדט ווערן, פונקט אזוי ווי עס האָט קיין מאמאָשעס ניט דער מאטעמאטישער איראציאָנעלער אויסדרוק $\sqrt{-a}$. מײַמאָן אָנערקענט בלויז איין מאָטיוו פון דער מענטשלעכער טעטיקײַט — דאָס איז דער מאָטיוו, וואָס דרינגט ארויס פונעם

געפֿיל אָנגענעמלעכקײַט. לויט מײַמאָנען, שאַפֿט דער דאָזיקער מאָטיוו די אײנהײַט פֿון דער טעאָרעטישער און פּראַקטישער טעטיקײַט און אַנטשפּרעכט דעם העכסטן עטישן ציל פֿונעם מענטשן — דער פֿאַרווידקלעכונג פֿון דער דערקענונג. אַזױאַרום טרעט מײַמאָן אַרויס קעגן קאַנטס פֿאָרמאַליסטיש־אַסקעטישער עטיק פֿאַר אַן ערדישער עטיק, פֿאַר אַזעלכע נאָרמעס פֿון מענטשלעכער אויפֿירונג, וווּ עס פֿאַלט צונויף די טעאָרעטישע און פּראַקטישע טעטיקײַט פֿון דעם מענטשן.

פֿון דעם אַלעם ווערט קלאָר, אַז מײַמאָן איז קײנמאָל ניט געווען קאַנטס אַ טרײַער שילער. אַלס קאַנטיאַנישן עפּיגאָן האָט מײַמאָנען פֿאַרוויגט די בורזשואַזע געשיכטע פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע, אָבער די גענויערע באַקאַנטשאַפֿט מיט מײַמאָנס אָנשויונגען באַווײַזט, אַז דאָס איז ניט גאָר אַזוי. מײַמאָנס קריטיק פֿון קאַנטס פֿילאָסאָפֿיע איז געווען זײער אַ ווײַט־אָנדײַטנדע, זי האָט מיטגעווירקט דער אויסבילדונג פֿון פֿיכטעס און דורך אים — פֿון העגעלס פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען.

מײַמאָן האָט ניט סיסטעמאַטיזירט און ענדגילטיק ניט פֿאָרמולירט זײַנע פֿילאָסאָפֿישע אָנשויונגען. קריטיקירנדיק אַ רײ פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען — סײ מאַטעריאַליסטישע סײַ אידעאַליסטישע, — האָט מײַמאָן פֿון יעדערער פֿון זײ אַרויסגעדרונגען אַ קערן פֿון עמעס פֿאַר זײַן אײגענעם פֿילאָסאָפֿישן קרעדאָ. „אין מעשעך פֿון מײַן לעבן, דערצײלט מײַמאָן, בין איך געווען אַן אָנהענגער פֿון אַלע פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען נאָך דער רײ: אַ פּעריפּאַטעטיקער (אַן אָנהענגער פֿון אַריסטאָטעלס שיטע — מ. ב.), אַ שפּינאָזיסט, אַ לײבניציאַנער, אַ קאַנטיאַנער און צום סאָף אַ סקעפּטיקער; און שטענדיק בין איך געווען איבערגעגעבן יענער פֿילאָסאָפֿישער שיטע, וואָס איך האָב זי בעשײַטע געהאַלטן פֿאַר דער אײנציק עמעסער. מיט דער צײַט האָב איך מיך איבערצײַגט, אַז יעדע פֿון די דאָזיקע שיטעס אַנטהאַלט אין זיך עטוואָס עמעס" („לעבנסגעשיכטע"). שטרעבנדיק צו שאַפֿן זײַן אײגענע סיסטעם, האָט מײַמאָן ניט ניהיליסטיש אָפּגעוואָרפֿן די פֿריערדיקע פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען, נאָר ער האָט פֿון זײ אויסגעשײלט דעם קערן פֿון עמעס. אין מײַמאָנס ווערק „די קאַטעגאָריעס פֿון אַריסטאָטעלן", „דער פּרווו פֿון אַ נײַער לאָגיק"

איז באזונדערס אײנצוזען זײן גלויבן אין דער קראפט פונעם פאַרנומפט, זײנע באמיונגען צו דערווײזן, אז די לאָגישע פאָרמען זײנען אינהאלטס-פולע און רײכע פאָרמען, אז די לאָגיק איז ניט קײן מעטאפיזישע, ניט קײן פאָרמאליסטישע לערע וועגן דענקען, נאָר זי, די לאָגיק, איז רעאל. די זעלבע געדאנקען זײנען צעוואָרפן אין זײן „לעבנסגעשיכטע". דאָ און דאָרט זעט מען, ווי ער מאטערט זיך, וועלנדיק פארגאנצן, פארסאכאקלען זײנע אײגענע פילאָסאָפישע אָנשויונגען אין א סיסטעם. אין זײן ארטיקל „בעקאָן און קאנט" באהויפט מײמאָן, אז „בעקאָן לײגט מער אופמערקזאמקײט אף דער ווירקלעכקײט פון די געגנשטאנדן, בײס קאנט איז מער פארינטערעסירט אין דער רײנקײט פון די פאָרמען פון דער דערקענטעניש... בעקאָנס מעטאָד איז פרוכטבארער... קאנטס מעטאָד, פארקערט, איז ווײניקער פרוכטבאר... ער איז שטרענגער" (דאָרט). מײמאָנס פילאָסאָפיע איז דער פרווו צו פארײניקן בעקאָנס „פרוכטבארקײט" מיט קאנטס „שטרענגקײט". אָבער מײמאָן איז צו ענדגילטיקע אויספירן ניט געקומען. און ניט געקומען איז ער צו ענדגילטיקע אויספירן ניט נאָר דערפאר, וואָס אים האָט געפעלט סיסטעמאטישע בילדונג, אויך ניט דערפאר נאָר, וואָס אינעם פעריאָד פון זײן פילאָסאָפישער אויסבילדונג האָט זיך זײן לעבן איבערגעריסן, נאָר דעריקער דערפאר, וואָס דער גאנצער דײטשישער פילאָסאָפיע פון זײן צײט, אף וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן, האָט געפעלט די דרײסטקײט און אנטשײדנקײט פון די פראנצויזישע פילאָסאָפן פונעם XVIII יה. די דײטשישע פילאָסאָפיע פון דער צווײטער העלפט XVIII און אָנהײב XIX יה. איז, לויט מארקס' כאראקטעריסטיק, געווען דער טעאָרעטישער געוויסן פון דער גאנצער בורזשואזיע. זי איז געווען אן אָפקלאנג פון דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע אפן פרײסישן באָדן. זי האָט בלויז געפונען געגנוג קראפט אין זיך אף דורכצומאכן א שטורעם-און דראנג-פעריאָד אין דער וועלט פון אידײען, אין דער טעאָריע. פון דעם נעמט זיך די האלביקײט פון דער דײטשישער פילאָסאָפיע פון דער צווײטער העלפט XVIII יה., צו וועלכער עס געהערן אויך מײמאָנס אָנשויונגען.

אין זײן „לעבנסגעשיכטע" דערציילט מײמאָן, אז קינדווײז האָט ער

געהאט א שטארקע נייגונג צו מאָלערײַ, נאָר דער פאָטער האָט אים פארווערט צו פארנעמען זיך דערמיט. „אויב מע וואָלט דענסטמאָל אנטוויקלט מײַנע פייִקײַטן אפ דעם געביט, — שרײַבט מײַמאָן, — וואָלט איך געוואָרן א גרויסער מאָלער, אָבער מײַנע ווערק וואָלטן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט גענויקײַט, ד.ה. איך וואָלט לײַכט אָנגעוואָרפן די הויפּטשטריכן פון א בילד, אָבער בא מיר וואָלט ניט געקלעקט קיין געדולד גענוי און פאָרענדיקט עס אויסצואַרבעטן". דאָס אייגענע וואָלט מען געקאָנט זאָגן וועגן זײַן פילאָסאָפיע. מײַמאָן איז א באדײַטנדיקער פילאָסאָף, נאָר זײַנע פילאָסאָפישע ווערק צייכענען זיך ניט אויס מיט גענויקײַט און פארגאנצטקײַט.

באם פאָרמולירן זײַנע אייגענע פילאָסאָפישע אָנשויונגען גייט מײַמאָן ארויס פון דער האנאָכע, אז די פארשיידנארטיקײַט פון די פילאָסאָפישע סיסטעמען ליגט בלויז אין די פארשיידענע אויפאנים פון זייער באגרײַפן דאָס וועזן פון דער נאטור, אירע אייגנשאפטן און ענדערונגען. שטיצנדיק זיך אפ די ביז אים געשאפענע פילאָסאָפישע סיסטעמען, באמיט זיך דעריבער מײַמאָן צו דערקלערן דאָס וועזן פונעם מענטשלעכן דענקען. „דער אָביעקט פון דער לאָגיק, באהויפּט מײַמאָן, איז יעדער אויסער דעם דענקען עקזיסטירנדיקער באשטימטער אָביעקט" (מײַמאָן, „דער פּרווו פון א נײַער לאָגיק", ז. 4). די דאָזיקע באהויפּטונג פירט מײַמאָנען צום ריכטיקן אויספיר, אז די לאָגישע פאָרמען און פיגורן זײַנען ניט קיין פּוסטע הײַטלעך, נאָר זיי באציִען זיך צו א באשטימטן אָביעקט. אָבער גלײַכצײַטיק דערמיט פלאָנטערט מײַמאָן זײַן פארשטיין די לאָגיק אלס אָביעקטיווע מיט סוביעקטיוויסטישן לאָגיציזם, מיינענדיק, אז די באגריפן אנטהאלטן אין זיך עטוואָס ריינס, ד.ה. אז זיי זײַנען אָפּגעריסן פון זייער אורקוואל, פון דער מאטעריעלער וועלט. „אונדזער דערקענטעניש, שרײַבט מײַמאָן, האָט עטוואָס ריינס און רעאלס, נאָר צום אומגליק איז דאָס ריינע ניט רעאל און דאָס רעאלע ניט ריין. דאָס ריינע איז די אידיי, וואָס אין געדרויכן דאָס רעאלע דערנעענטערט מען זיך צו איר אלץ מער, אָבער דערגרייכן זי קאָן מען קיינ־ ־יל ניט" („לעבנסגעשיכטע").

פארשטייענדיק אינ טאָכ, אז די לאָגיק איז ניט קיינ פאָרמאליס-
טישע לערע, נאָר א רעאלע, אָנערקענט ער דעמ אָביעקטיווג עמעס. „די
אייביקע עמעסנ, שרײַבט מײַמאָנ, אָדער דה. די דערקלערונגענ פונ די
פארהעלטענישנ צווישנ די אָביעקטנ, די דערקלערונגענ, וואָס באזירנ
זיכ אפ די נאטירלעכע קויכעס פונ דער דערקענטעניש, אפ די כקירעס
פונעמ סייכל, מעגנ זיי זײַנ באקאנט אפילע בלויז א קליינער צאָל
מענטשנ, זײַנענ זיי אינ עצעמ דאָכ ניט קיינ סודעס, ווײַל יעדנ איינעמ
איז דאָכ מעגלעכ צו אנטפלעקנ זיי, אויב ער זאָל זיכ נאָר באנוצנ מיט
די קויכעס פונ דער דערקענטעניש" (דאָרט). מײַמאָנ פארשטייט, אזוי-
ארומ, אונטערנ עמעס די אָביעקטיווע פארהעלטעניש פונ די רעאלע
געגנשטאנדנ, וואָס קאָנענ אנטפלעקט ווערנ אינ דער דערקענטעניש. ער
ווארפט אָפּ די באהויפּטונג, אז דער עמעס איז סוביעקטיוו. ער גלייבט
אינ דער קראפט פונעמ פארנונפט און דערקענונג באמ דערגייג דאָס
פארבאָרגענע וועזנ פונ דער רעאלער וועלט פונ זאכנ, זייערע צווישנ-
באציונגענ אונ צווישנפארבינדונגענ. די דאָזיקע אלע געדאנקענ, כאָטש
זיי זײַנענ אָפט אויסגעדריקט ניט גאָר קלאָר אונ ווידערשפּרעכיק, האָבנ
באפרוכפּערט די שפּעטערדיקע גרויסע פילאָסאָפישע סיסטעמענ, וואָס עס
האָבנ פארפאסט די פאָרגעשריטענע דײַטשישע פילאָסאָפנ פונעמ XIX יה.

אָט אזא איז מײַמאָנ. ער איז א פארביקע פערזענלעכקײַט, אנ אינ-
דיווידואליטעט. ניט פארשמירנדיק זײַנע פעלערנ, זײַנ היסטאָרישע בא-
גרענעצטקײַט, דארפ מענ אָבער באטאָנענ, אז זײַנ קאמפ קעגנ טעאָ-
לאָגיע, זײַנ קאמפ פארנ שפּינאָזיזמ אפּ א באשטימטנ פעריאָד פונ זײַנ
פילאָסאָפישער אנטוויקלונג, זײַנ ווײַטצילנדיקע קריטיק פונ קאנטס דער-
קענטעניש-טעאָריע אונ פונ זײַנ אסקעטישער עטיק, זײַנ פרווו צו שאפנ
אנ אייגענע פילאָסאָפישע סיסטעמ — דאָס אלצ דערלויבט מײַמאָנענ צו
פארנעמענ אנ אָנגעזעענ אָרט אינ דער געשיכטע פונעמ פילאָסאָפישנ
געדאנק. שלוימע מײַמאָנ פארדינט אונדזער אָנערקענונג און אונדזער
אופמערקזאמקײַט אפּ דערלערנונג.

---